# די גרונד־פּרינציפּען

פון

# פּאָליטישער עקאָנאָמיע

ערשטער טייל

פון

א. ש. זאקס

---

אַ קורס לעקציעס געגעבען אין דער

אידישער פאָלקס־אוניווערזיטעט

דורך קאָררעספּאָנדענץ

---

הויפּט פערקויף: ליטעראַרישער פערלאַג
256 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק.

# א פאר ווערטער פון אויטאר

דאס פאָרליגענדע ווערק בעהאנדעלט די טעאָריע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. צו דער פּראקטישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע וועל איך צוטרעטען, ווען איך וועל זיין פארטיג מיט דער טעאָריע.

אין ערשטען קורס איז מיר געווען אונמעגליך „אריינצושפּאַרען“ די גאנצע טעאָריע און פאר די ענינים פון ארבייטסלוין, פּראָפיט, רענטע, קאָנצענטראציע פון קאפּיטאל, קלאסען פערנאנדערטיילונג א. ז. וו., א. ז. וו., וועט זיין געווידמעט דער צווייטער קורס.

איך וויל אויך אויפמערקזאם מאכען די לעזער ניט צו פערערבייטען דאס דאָזיגע ווערק מיט מיין בוך: „פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איהר ענטשטעהונג און געשיכטע *)“. אין יענעם בוך האָב איך זיך אָבגעגעבען בלויז מיט דער געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, בעת איצט איז, ווי געזאָגט, מיין אויפגאבע זיך צו בעשעפטיגען מיט דעם עצם פון דיזער וויסענשאפט. בעריהרונגס פונקטען זענען געוועהנליך אונפערמיידליך, ווייל די היסטאָריע פון א וויסענשאפט שטויסט זיך אימער צוזאמען מיט איהר טעאָריע. אָבער בכלל זענען דיביידע ווערק פערשיידען און גיבען זיך אָב מיט בעזונדערע צווייגען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

**א. ש. זאַקס.**

ניו יאָרק, 1914.

---

*) היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַניע, 1911.

ערשטע לעקציע

# איינליימונג

אַלגעמיינע בעגריפען וועגען פּריוואַט ווירטשאַפט און פאָלקס־ווירטשאַפט; ווירטשאַפטליכע אַרבייט און דער קאַמפף פאַר עקזיסטענץ; די ענטוויקלונג פון די בעדערפנישען; דער צוועק פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט; די טעכנישע און געזעלשאַפטליכע זייט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט; די ענטשטעהונג פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט. די אָרגאַניזאַטאָרען און געזעצען פון דער ווירטשאַפט; די ענדערונגען אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט; די אויפגאַבע פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

---

פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז די וויסענשאַפט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט, פון דעם פאָלקס באַלעבאַטישקייט.

וואָס פערשטעהט מען אונטער פאָלקס ווירטשאַפט?

וואָס הייסט ווירטשאַפט בכלל?

ווען אַ הויז פרוי פּאַסט אויף, אַז איהר פאַמיליע זאָל האָבען אַלץ, וואָס איהר איז נויטיג; אַז די קינדער, אַ שטייגער, זאָלען האָבען זייער עסען און טרינקען אין דער צייט און אין דער מאָס, זאָלען זיין אָנגעטהון ווי עס בעדאַרף צו זיין, זאָלען האָבען אַ גוטע דירה, וואו צו זיין, זאָלען זיין ריין, ציכטיג אַרומגעוואַשען — דאַן זאָגט מען, אַז די פרוי איז אַ באַלעבאָסטע, אַז זי פיהרט אַ ווירטשאַפט.

ווען די פרוי איז ניט נאָר סתם אַ באַלעבאָסטע, נאָר אַ שפּאָרעוודיגע באַלעבאָסטע; ווען זי איז אַ גרויסע בריה אויסצוקומען מיט די קאַרגע שכירות, וואָס איהר מאַן קריגט; ווען זי מאַרקירט אויס, אַז אויף איהר ווירטשאַפט זאָל אַוועקגעהן וואָס וועניגער געלד — דאַן זאָגט מען, אַז די פרוי לעבט ע ק אָ נ אָ מ י ש, אַז זי איז אַ גרויסע באַלעבאָסטע.

אַ הויז־פרוי, אַ געוועהנליכע באַלעבאָסטע מאַכט ניט אַליין דאָס לעבען. איהר אויפגאַבע איז נור אויסצוגעבען שפּאָרעוודיג דאָס געלד, וואָס דער מאַן פערדיענט, זעהן, אַז די הוצאה פון הויז זאָל ניט זיין גרעסער פון דער הכנסה. די הכנסה בעזאָרגט דער מאַן, דער ברויטגעבער, און ווי עקאָנאָמיש די באַלעבאָסטע זאָל ניט זיין אין איהרע אויסגאַבען, קען זי אָבער אַלץ

ניט פיהרען גוט איהר הויז, ווען דער מאַן, למשל, פערדיענט נאָר ניט, אָדער זעהר ווייניג, אז עס קלעקט ניט אפילו פון האנד צום מויל. אום צו קענען מאכען א הוצאה מוז זיין א הכנסה און די עקאָנאָמיע פון דער ווירטשאַפט, פון דער באַלעבאטעשקייט הענגט אָב ניט נאָר פון דער הויז פרוי, נאָר אויך — און אין א פיעל גרעסערער מאָס — פון דעם מאַן, פון דעם פערדיענער. אזוי ווי א גוטע באלעבאָסטע דאַרף פערשטעהן, ווי צו ווירטשאַפטען, ווי צו פערוואַלטען די הוצאה, אזוי דאַרף א גוטער באַלעבאָס פערשטעהן ווי צו ווירטשאַפטען זיין הכנסה, זיין אַרבייט, זיין מלאכה, זיינע קענטעניסען א. א. וו. ער דאַרף זעהן, אז פאַר זיין ארבייט זאָל ער קריגען גרעסערע שכירות, אז זיין צייט זאָל ניט געהן אין גיוועץ, און נאָר דאַן קען מען ריידען פון אַן עקאָנאָמישען לעבען, פון א ווירטשאַפט אין ברייטען זין, ווען די פערדיענסטען פון איין זייט און די אויסגאבען פון דער צווייטער זייט ווערען געמאכט מיט אַן אויסרעכענונג, מיט א סדר און אָרדנונג.

אונטער א ווירטשאַפט פערשטעהען מיר, בכן, דאָס אַרבייטען מיט אַן אויסרעכנונג, מיט א תכלית, כדי די בעדערפנישען זאָלען קענען בעפרידיגט ווערען און דאָס שטרעבען, אז די בעפרידיגונג פון די בעדערפנישען זאָל קאָסטען וואָס ווענינער צייט, געלד און אַרבייט.

אויך ביי פערשיידענע חיות זעהען מיר, אז זיי טהוען צוועקמעסיגע אַרבייט, אום צו בעפרידיגען זייערע בעדערפנישען. א שפּין וועבט זיין שפּינוועבעץ זעהר געשיקט און טהוט דיזעלבע זאַך, וואָס דער וועבער טהוט; א ביהן בויט איהרע וואַקסקעמערלעך, וועלכע זיינען אין מאַנכע פּרטים ניט ערגער, ווי די געביידען, וואָס בוימייסטערס שטעלען אויף. אָבער ניט דער שפּין און ניט די ביהן פיהרען א ווירטשאַפט, זייער אַרבייט איז אַן אינסטינקטיווע, אָהן איבערלעגונג און זי האָט זיך ענטוויקעלט אין דעם בלינדען קאַמפּף פאַר עקזיסטענץ, וואָס ווערט געפיהרט ביי אַלע לעבעדיגע בעשעפעניסען פון קליין ביז גרויס. א ווירטשאַפט פאָדערט ישוב הדעת, אויסרעכנונג, איבערלעגונג. די דאָזיגע אייגענשאַפטען פעהלען דעם שפּין און דער ביהן אזוי ווי זיי פעהלען ביי אַלע אנדערע חיות און אפילו ביי די ווילדע מענשען.

„דער אונטערשייד צווישען דער בעסטער ביהן און דעם ערג-

סטען קולטורעלען בוי־מייסטער — זאָגט מאַרקס — איז דאָס, וואָס דער בוימייסטער בויט פריהער דעם בנין ביי זיך אין קאָפּ איידער ער פערווירקליכט עס אין דער פּראַקטיק".

ביי א ווירטשאַפטליכע טהעטיגקייט ווערט פריהער אויסגע־אַרבייט דער פּלאַן און די אַרבייט ווערט שפּעטער דורכגעפיהרט לויט דעם דאָזיגען פּלאַן, בעת ביי די חיות ווערט די אַרבייט גע־טאָן אינסטינקטיוו, אָהן א פריהערדיגען פּלאַן און אָהן איבער־לעגונג.

די וויסענשאַפט, וועלכע מיר האָבען דאָ בדעה צו לערנען, האָט אָבער ניט צו טאָן מיט דער געוועהנליכער באַלעבאַטעשקייט פון יחיד, מיט דער פּריוואַט ווירטשאַפט. פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז, ווי שוין געזאָגט, די לעהרע פון דער פּ אָ ל ק ס ו ו י ר ט־ש אַ פ ט ; איהר אויפגאַבע איז זיך אָבצושטעלען אויף דעם שאַפען, האַנדלען און וואַנדלען פון דעם גאַנצען פאָלק, זי בעשעפ־טיגט זיך מיט דער באַלעבאַטעשקייט פון כלל.

די פאָלקס ווירטשאַפט איז א גרויסע קייט, וואָס איז צוזאַ־מענגעקניפּט פון פערשיידענע בעזונדערע פּריוואַט ווירטשאַפטען. יעדע פּריוואַט־ווירטשאַפט איז נור א קליין שרייפעל פון דעם גאַנצען מעכאַניזם, וואָס ווערט אָנגערופען פאָלקס ווירטשאַפט.

ווי שאַפט דער כלל? ווי אַרבייט דאָס גאַנצע פאָלק אויס זיינע לעבענס מיטלען? ווי ווערען די דאָזיגע לעבענס מיטלען פונאַנדערגעטיילט, ווי ווערען זיי פערברויכט? ווי ד אַ ר פ ע ן זיי געשאַפען ווערען, אום דאָס לעבען זאָל זיין עקאָנאָמישער, ווי דאַרפען זיי פונאַנדערגעטיילט ווערען, ווי דאַרפען זיי פערברויכט ווערען? — אָט זיינען די פראַגען, אויף וועלכע פּאָליטישע עקאָנאָ־מיע זוכט צו געבען אַן ענטפער!

אזוי ווי די פּריוואַט ווירטשאַפט האָט דעם צוועק צו בעפרי־דיגען די בעדערפנישען פון יחיד, פון דער אייגענער פאַמיליע מיט וואָס ווייניגער געלד, אזוי האָט די פאָלקס ווירטשאַפט אַלס איהר אויפגאַבע צו שאַפען מיטלען, וועלכע זאָלען בעפרידיגען די בע־דערפנישען פון כלל מיט וואָס קלענערע אויסגאַבען.

די בעדערפנישען גופא זיינען פערשיידען און וואַקסען צו־זאַמען מיט דער קולטור, מיט דער ענטוויקלונג.

אין די אַלטע ווילדע צייטען זיינען די מענשליכע בעדערפ־נישען ניט געווען גרעסער, ווי די בעדערפנישען פון די העכערע חיות. די בעדערפנישען זיינען געווען פ י ז י אָ ל אָ ג י ש ע,

ריין קערפּערליכע: עסען צו שטילען דעם הונגער; וואסער צו לעשען דעם דורשט — אָט וועלכע בעדערפנישען די ערשטע מענשען האָבען געהאַט. שפּעטער האָבען זיך ענטוויקעלט די בעדערפנישען אין אַ דירה, וואו צו וואוינען; אין קליידער צוצודעקען דעם קערפּער. נאָך שפּעטער זיינען אויסגעוואקסען אַזוינע בעדערפנישען, וואָס האָבען אפשר ניט אַ דירעקטען שייכות מיט דער חיי שעה, מיט דעם לעבען פון היינט, אָבער וואָס מאַכען דאָס לעבען לענגער, געזינטער, ווי צום ביישפּיעל די בעדערפנישען אין ריינליכקייט, אין געזונדע לעבענסבעדינגונגען. ווען דער מענש האָט זיך ארויפגעהייבען נאָך העכער אויפ'ן לייטער פון קולטור, האָט ער זיך שוין ניט בעגנוגענט מיט דער בעפרידיגונג פון די פיזיאָלאָגישע און סאַניטאַרע בעדערפנישען, ער האָט אָנגעפאַנגען צו זאָרגען, ווי צו בעפרידיגען זיינע גייסטיגע בעדערפנישען, זיינע בעדערפנישען אין וויסען, אין פּאָעזיע, מוזיק, אין קינדער ערציהונג א. א. וו. דעם קולטור מענש ווילט זיך ניט סתם אַזוי לעבען, נור וואָס בעסער, שעהנער און אנגענעהמער לעבען. ביים היינטיגען ציוויליזירטען מענש פערנעהמען די נידעריגסטע בעדערפנישען דעם קלענסטען פּלאַץ אין דער גאַנצער הוצאה פון'ם לעבען. די הויפּט אויסגאַבען געהען אַוועק אויף די קולטורעלע נויטען, אויף די העכערע גייסטיגע בעדערפנישען, ווי יעדער איינער קען זיך איבערצייגען, ווען ער וועט אויסרעכנען אויף וואָס איהם געהט אַוועק זיין געלד.

**וואָס טהוען די מענשען אום צו בעפרידיגען זייערע בעדערפנישען? זיי ארבייטען, זיי דרעהען זיך דעם קאָפּ, זיי גיבען אויס כח, ענערגיע.**

די אויפגאַבע פון דער פאָלקס ווירטשאַפט איז צו זעהן, אַז די ארבייט זאָל ווערען געטאָן עקאָנאָמיש, ד. ה., אַז די מעגליך קלענסטע מאָס ארבייט זאָל ברענגען די מעגליך גרעסטע רעזולטאַטען.

---

**אין דער פאָלקס ווירטשאַפט אונטערשיידעט מען אַ טעכנישע זייט און אַ געזעלשאַפטליכע זייט.**

**די ארבייט פון מענשען קען ברענגען נוצען נאָר דאַן, ווען זיי, די מענשען, פערשטעהען די געהיימניסען און די קרעפטען פון דער נאַטור, ווען זיי פערשטעהען ווי צו ווירקען אויף איהר; אויסער דעם מוזען זיין געוויסע כללים, לויט וועלכע זיי זענען**

אָרגאַניזירט. די אַלע מיטגלידער מוזען אָבהיטען אַ געוויסען סדר, אַ געוויסע אָרדנונג, וואָס עס פאָדערט זיך ביי יעדען צוזאַמענ־לעבען פון אַ סך מענשען. אָהן אָט די צוויי בעדינגונגען איז אונ־מעגליך צו פיהרען אַ פאָלקס־ווירטשאַפט. ווען די ערשטע מענ־שען, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט יאַגד, זענען געגאַנגען פאַנגען אַ חיה, האָבען זיי ערשטענס געמוזט וויסען דעם כאַראַק־טער פון דער חיה, איהר טבע, וועלכער וועטער עס ווירקט אויף איהר גוט, און וועלכער שלעכט, וואו און ווען איהר איז לייכטער צו טרעפען א. א. וו. צווייטענס האָבען זיך די מענשען בעדאַרפט אָבמאַכען, ווי יעדערער זאָל זיך נוהג זיין ביים פאַנגען, וואָס יעדערער זאָל טאָן, ווי ער זאָל זיך בע־נוצען מיט די רויב א. א. וו. א. א. וו.

ביי היינטיגע ווירטשאַפטען איז דאָס נאָך מעהר בולט. דער דאָרף־פויער אום צו ערנעהרען זיך מיט זיין פאַמיליע, בעאַרבייט די ערד: ער זעעט, שניידט, דרעשט, וועטערט, פערקויפט די פאַרטיגע תבואות — מיט איין וואָרט — ער פיהרט אַ ווירט־שאַפט. אום צו פיהרען גוט זיין ווירטשאַפט מוז דער פויער האָ־בען געוויסע ווערקצייג, מאַשינען: ער מוז האָבען אַן אַקעראַיי־זען, אַ באָראָנעווע. צום שניידען מוז ער האָבען קאָסעס, צום דרעשען און וועטערן — אַנדערע ווערקצייג און מאַשינען. דאָס רוב מאָל קען דער פויער אַליין ניט אויספיהרען זיין אַרבייט. ער דינגט צו אַנדערע אַרבייטער, וועלכע העלפען איהם פיהרען זיין ווירטשאַפט. הערבסט צייט פערקויפט דער פויער די אָראָב־געגומענע תבואות פאַר מזומן. דאָס געקראָגענע געלד בלייבט אָבער ניט ביים פויער אין גאַנצען. אַ טייל געלד צאָהלט ער אָב דעם פּראָצענטניק, וועלכער האָט איהם געליהען אין דער צייט, ווען די תבואה איז נאָך ניט געוועזן פאַרטיג; פאַר אַ טייל געלד קויפט ער זיך געצייג, אַ טייל נעהמט צו פון איהם די רעגירונג אין דער פאָרמע פון פערשיידענע אָבצאָהלונגען און צינזען.

דער פויער קען נאָר דאַן מיט ערפאָלג אַקערען, זעען און שניידען, אויב ער פערשטעהט ווען און ווי צו זעען, וועלכע ערד איז גוט צו אַקערען און וועלכע ניט, וואָסערע וועטערען עס טויגען צום שניידען און וואָסערע ניט — אַזוינע ידיעות בע־קומט דער פויער דורך זיין בעקאַנטשאַפט מיט דער אויסערלי־כער נאַטור — דאָס איז די טעכנישע זייט פון דער ווירטשאַפט.

אויסער אָט די טעכנישע ידיעות מוז דער פויער — אויב ער וויל, אַז זיין ווירטשאַפט זאָל זיך גוט פיהרען — היטען די כללים פון חובות צאָהלען, בעצאָהלען אין דער צייט און אין דער מאָס ארבייטסלוין, היטען די געזעצען פון צינזען און איבעריגע אָבצאָהלונגען — דאָס אַלעס איז שוין דער אויסערליכער נאַטור גאָר ניט נוגע. דאָס איז שוין געגרינדעט ניט אויף די קענטנישען, וואָס דער פויער האָט ערוואָרבען, בעקענענדיג זיך מיט דער נאַטור, נור אויף די ידיעות פון די בעציהונגען, וועלכע עקזיסטירען צווישען די מענשען אין דער געזעלשאַפט. דאָס איז שוין ניט די טעכנישע זייט פון דער ווירטשאַפט, נור די געזעלשאַפטליכע זייט, ווייל די כללים זענען נור בנוגע די מענשען, אָבער ניט בנוגע דער נאַטור.

פאָליטישע עקאָנאָמיע לערנט אויס די פאָלקס ווירטשאַפט, אָבער ניט די טעכנישע זייט, נור די געזעלשאַפטליכע זייט פון דער פאָלקס ווירטשאַפט.

מיר זאָגען, אַז פאָליטישע עקאָנאָמיע לערנט די ווירטשאַפט פון גאַנצען פאָלק. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז זי בעשעפטיגט זיך מיט אַלע פעלקער פון אַלע צייטען. ניט אַלע פעלקער לעבען עקאָנאָמיש און פיהרען אַ ווירטשאַפט. ווי מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, מוז יעדע ווירטשאַפט ווערען געפיהרט מיט אַ חשבון, מיט אַן אויסרעכנונג, לויט אַ געוויסען פּלאַן. די ווילדע פעלקער, וועלכע לעבען אָהן אַ חשבון און זאָרגען ניט פאר'ן מאָרגענדיגען טאָג, פיהרען ניט קיין ווירטשאַפט. זיי זענען גלייך צו חיות און צו קליינע קינדער, וועלכע לעבען אָהן אַ ברעקעל זאָרג פאר שפּעטער. בשעת דער הונגער נאָגט — שרייען זיי, אָבער קוים האָט זיך דער הונגער איינגעשטילט, פערגעסען זיי אין גאַנצען אָן דעם, אַז עס איז פאראַן אַזאַ זאַך ווי הונגער און אַז מען דאַרף זיך קענען איהם בעוואָרענען. ווען אַ קינד איז זאַט, וואַרפט עס אוועק די שפּייז, ווי אַן אוננוצליכע זאַך און איהם פאַלט גאָר ניט איין אין זינען, אַז מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, וועט ער ווייטער וועלען עסען. די ווילדע פעלקער מיט זייער קינדערשען שכל לעבען אויך אָהן אַ שום אויסרעכנונג און האָבען ניט קיין בעגריף אָבצושאַצען די בעדייטונג פון די זאַכען, וועלכע זענען נוצליך אין לעבען.

בעטראַכט דאָס לעבען פון די שבטים, וועלכע געפינען זיך אויף דער נידעריגסטער שטופע פון קולטור, ווי די בושמענער פון

זיד אַפריקאַ, די ווערדען פון אינזעל ציילאָן, די נעגריטאָסען אויף די פיליפּינען און איהר וועט זעהן, אַז זיי האָבען ניט קיין ברעקעל אויסרעכנונג, ווי צו לעבען. דאָ הונגערן זיי, דאָ פרעסען זיי זיך איבער. ווען עס טרעפט זיך, אַז זיי האָבען אַ סך שפּייז, קלעקט עס נור אויף איין מאָל און עס קומט זיי אפילו אויפ'ן געדאַנקען ניט אַרויף, אַז מען דאַרף לעבען מיט אַ תכלית און בעהאַלטען דאָס, וואָס עס איז געבליבען פון עסען, אויף אַ צווייטען מאָל. זענען זיי זאַט — פערגעסען זיי גאָר, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי הונגער אויף דער וועלט. זענען זיי הונגעריג — פערגעסען זיי, אַז עס זיינען געווען צייטען, ווען זיי האָבען געהאַט צו עסען איבערגענוג. ניט זיי דענקען פון דער צוקונפט און ניט זיי געדענקען די פערגאַנגענהייט. זיי האָבען זעהר אַ שוואַכען זכרון און פערגעסען אַלעס, וואָס עס איז אפילו מיט אַ גאַנץ קורצער צייט צוריק פאָרגעקומען. די ווילדע, ווי אונזער אַמאָליגע אור־אור־עלטער זיידעס, האָבען ניט קיין בעגריף אָבצושאַצען אַ זאַך. זיי זענען אימשטאַנד אָבצוגעבען, פּונקט ווי אַמאָל די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ, די טייערסטע זאַכען פאַר אַ שפּיעלבעל. זיי זאָרגען ניט, זיי דאַגה'ן ניט. עסען פאַנגען זיי אָן צוזוכען ערשט דאַן, ווען זיי פיהלען הונגער. די קאָפּדרעהעניש פון אַ ציוויליזירטען מענשען, ווי צו זיין פערזיכערט מיט'ן מאָרגען, פעהלט דעם ווילדען. ער איז זאָרגלאָז און באַלעבאַטעוועט ניט. *ניט ער לעבט עקאָנאָמיש און ניט ער פיהרט אַ ווירטשאַפט.*

די ווירטשאַפט איז אַ רעזולטאַט פון דער קולטור און איז ענטשטאַנען ערשט דאַן, ווען די מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו פערשטעהן, אַז מען דאַרף זאָרגען פאַר דער צוקונפט און האָבען אָנגעפאַנגען צו לעבען און צו אַרבייטען מיט שכל, מיט אַ ישוב הדעת, מיט אַ חשבון. בלויז קולטור־פעלקער פיהרען אַ ווירטשאַפט און דעריבער קען מען אויך זאָגען, אַז פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט צו טהאָן בלויז מיט דער טהעטיגקייט פון קולטור־פעלקער.

וואָס מעהר אַ ווירטשאַפט האָט אין זיך דעם כאַראַקטער און די סמנים פון אַ פּריוואַט ווירטשאַפט אַלץ וועניגער האָט מיט איהר צו טהאָן פּאָליטישע עקאָנאָמיע. לאָמיר נעהמען צ. ב. אַ לאַנד, וואו עס הערשט אַזאַ סאָרט ווירטשאַפט, וואו די פּראָדוקטען ווערען געשאַפען ניט צום פערקויף, נור צום אייגענעם בעדאַרף, אַזוי ווי עס איז געווען אין דער צייט פון שקלאַפען־הער־

שאפט און שפעטער אין דער פעאָדאַליסטישער אָרדנונג. אין אזא ווירטשאפט איז די מענשליכע טהעטיגקייט זעהר אַן איינ־פאכע. דער שקלאפען־הערר אָדער דער פריץ רעכענט אוים ווי־פיעל פראָדוקטען ער דארף האָבען פאר זיין גרופע אָדער דאָרף, וויפיעל פאר שטיוועל ער האָט נויטיג, וויפיעל פאר קליידער, ווי־פיעל ווייץ, וויפיעל קאָרן א. א. וו. און אין הסכם מיט אָט דעם בעדארף אָרדענט ער איין די גאַנצע פראָדוקציע זיינע. ער בע־שטימט אזוי פיעל און אזוי פיעל שוסטער, אזוי פיעל שניידער, אזוי פיעל לאַנד ארבייטער, אזוי פיעל בעקער א. א. וו. די ווירט־שאפט ווערט דאָ רעגולירט און אָרגאַניזירט פון א גע וו י ס ע ן ווי ל ע ן, פון א פערוואלטער אין דער פערזאָן פון דעם איי־גענטימער אָדער פון זיינע העלפער. דער ערפאָלג אָדער ניט ער־פאָלג פון אזא ווירטשאפט ווענדעט זיך אָן די פעהיגקייטען פון דעם פערוואלטער, פון זיינע קאפריזען, פון זיין ערפאהרונג א. א. וו. די פערבינדונגען צווישען אָט די פערשיידענע בעזונדערע ווירט־שאפטען זענען זעהר שוואכע. איין גרופע דארף ניט אָנקומען צו א צווייטער גרופע; איין דאָרף איז ניט אָבהענגיג פון א צווייטען דאָרף. מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט א קופע בעזונ־דערע ציגעל, וועלכע זענען ניט פעראייניגט צווישען זיך מיט א געוויסען צעמענט. יעדע ווירטשאפט איז אַן עולם קטן פאר זיך און קען עקזיסטירען, ווען אפילו אַלע אַנדערע שכנה׳שע ווירט־שאפטען זאָלען אונטערגעהן. מיט אזא ווירטשאפט האָט פאָלי־טישע עקאָנאָמיע זעהר ווייניג צו טהאָן, ווייל די ווירטשאפט ווערט ניט רעגולירט דורך געוויסע געזעצען, נור דורך דעם פערלאַנג און ווילען פון די פערוואלטער.

גאַנץ אַנדערש זיינען די היינטיגע ווירטשאפטען, וואו די פראָדוקטען ווערען געשאפען ניט פאר׳ן אייגענעם געברויך, נור פאר׳ן האנדעל, פאר׳ן פערקויף. די יעניגע, וועלכע שאפען די פראָדוקטען, פערברויכען זיי ניט און די, וועלכע פערברויכען, הא־בען זיי ניט געשאפען. א ווילען, א פערוואלטער איז נאָר פאראַן אין יעדער בעזונדערער אונטערנעהמונג. די גאַנצע ווירטשאפט ווערט ניט רעגולירט דורך דעם ווילען פון דעם אָדער יענעם. פערקעהרט, דער ווילען פון איינציגען איז אָבהענגיג פון געוויסע געזעצען. קיין אונטערנעהמער, צום ביישפיעל, קען אין היינטי־גע צייטען ניט אָרגאַניזירען זיין אונטערנעהמונג, ווי א י ה ם געפעלט, לויט זיין געשמאַק און קאפריז, נאָר ער מוז זיך רעכנען

מיט די פאָדערונגען פון מארק, מיט דעם פרייז, מיט די אָבצאָה־לונגען, מיט די פּראָצענטען, וואס מען דארף צאָהלען א. א. וו.

מיר האָבען אויף דעם אופן דאָ צו טהאָן מיט געזעצען, וועל־כע הערשען איבער אונז, פּונקט ווי די געזעצען פון דער נאטור; מיר זיינען צו זיי אונטערוואָרפען, מיר ווערען פון זיי רעגירט. דיזע געזעצען פעראייניגען די פערשיידענע פּריוואט אונטער־נעהמונגען אין איין פאָלקס ווירטשאפט, אזוי ווי דער צעמענט פעראייניגט בעזונדערע ציגעל אין איין הויז.

אז די איצטיגע פאָלקס ווירטשאפט פיהרט זיך לויט א געווי־סען פּלאן, לויט געוויסע בעשטימטע געזעצען, ניט קוקענדיג, וואס זי ווערט ניט אָרגאניזירט און פערוואלטעט פון א געוויסען ווילען, קען מען זיך זעהר לייכט איבערציינען.

מיר נעהמען אזא שטאָדט ווי ניו יאָרק מיט איהרע 5 מיליאָן מענשען. יעדער מענש האט נויטיג שפּייז, קליידער, וועש, א דירה, לעהרערס, שרייבגעצייג א. א. וו. אָט די אלע בעדערפ־נישען ווערען בעפרידיגט מעהר אָדער ווייניגער. מיר זעהען ניט בכלל מענשען, וועלכע זאָלען ארומגעהן מוטער־נאקעט און באָרוועס; עס זיינען אויך פאראן פערהעלטניסמעסיג ווייניג מענשען, וועלכע זאָלען בפּועל ממש הונגערן און וואוינען אויפ׳ן גאס. וואו נעהמט מען אָט די זאכען, וועלכע זיינען נויטיג צו בעפרי־דיגען די מענשליכע בעדערפנישען? זיי ווערען בעשאפען דורך מענשליכער ארבייט אויפ׳ן פעלד, אין די פאבריקען, אין די שע־פער. ווער אָבער פּאסט אויף, אז די ניו יאָרקער בעפעלקערונג זאָל אומגעפעהר האָבען אלעס, וואס זי בעדארף, אז עס זאָל אריינ־געפיהרט ווערען די נויטיגע מאָס ברויט, אז עס זאָל געבויט ווערען די נויטיגע צאָהל הייזער, אז עס זאָל אויפגענעהט ווערען די נויטיגע צאָהל קליידער? ווער פּאסט אויף, אז גלייך אין דער פריה, ווען אלע שטעהען אויף, זאָל שוין זיין אלץ אָנגעגרייט און אז שפּעט ביינאכט זאָל שוין זיין, מיט ווייניג אויסנאהמען, אלץ פערברויכט?

די געזעצען פון דער פאָלקס ווירט־שאפט! דער ווילען פון פאטריארך, פון׳ם שקלאפען־הערר, פון פריץ אין דער אלטער ווירטשאפט איז פערביטען געוואָרען אויף די געזעצען פון פאָלקס ווירטשאפט אין דער היינטיגער צייט.

אין וואס בעשטעהען אָט די געזעצען? ווי ווירקען זיי אויף אונז? ווען איז זייער ממשלה איבער אונז שטארקער און ווען

שוואכער? מיט דיזע פראגען בעשעפטיגט זיך פאָליטישע עקאָנאָמיע.

ווי מיר ווייסען זיינען די בעציהונגען צווישען די מענשען נים אייביג דיזעלבע. זיי ענדערען זיך שטענדיג, זיי זיינען אונטערוואָרפען, אזוי ווי אלץ אין דער נאַטור, צו דעם געזעץ פון ענטוויקלונג.

עס זיינען געווען צייטען, ווען מענשען האָבען ניט געהאט קיין בעגריף פון אייגענטום, אלע האָבען גלייך געארבייט און גלייך זיך צוטיילט מיט די פראָדוקטען פון זייער ארבייט. שפעטער זעהען מיר אין דער געשיכטע, ווי איינער אַן עלטסטער, א פאטריארך, הערשט איבער'ן גאנצען שבט. ווייטער זעהען מיר די שקלאפעריי, וואו א סך מענשען זיינען פערשקלאפט צו איינעם, דעם שקלאפען־הערר, ניט נור מיט זייער ארבייט, נור אויך מיט זייער גוף און נשמה; אין דעם מיטעלאלטער, ווידער, האָט געהערשט די פעאָדאלע סיסטעם, וואו די פויערים פלעגען דארפען ארבייטען פאר'ן פריץ און האָבען ניט געהאט קיין דעה איבער די פראָדוקטען, וואָס זיי האָבען אליין אויסגעארבייט. שפעטער איז די פעאָדאלע סיסטעם בטל געוואָרען און פענסציזנע האָט געמוזט אָבטרעטען א פלאַץ פאר פרייע, געדונגענע ארבייט. איצט לעבען מיר ביי אזא סיסטעם, וואו די מיטגליעדער זיינען, אמת, געזעצליך אלע פריי, אָבער עקאָנאָמיש געפינען זיך די גרויסע מאסען אונטער דעם יאָך פון א קליינער צאָהל רייכע מענשען. די ארבייטער האָבען ניט די מעגליכקייט אליין אויסצונוצען זייער כח פאר די אייגענע בעדערפנישען, נור זיינען געצוואונגען צו פערקויפען זייער ארבייטס קראפט צו די יעניגע, וועלכע געניסען די פריווילעגיע פון פריוואט אייגענטום אויף לאנד, געצייג, מאשינען, געוועהר, הייזער א. א. וו.

מיר זעהען, אז אין יעדער בעזונדערער צייט זיינען די בעציהונגען, די שייכות צווישען מענשען גאנץ אנדערע. די בעציהונגען ענדערען זיך. עס פערשטעהט זיך, אז די פערענדערונגען קומען ניט פון העלערהויט; מסתמא זיינען דאָ געוויסע אורזאכען, וואָס רופען ארויס די דאָזיגע ענדערונגען. עס פרעגט זיך אלזאָ, דורך וועלכע אורזאכען ענדערען זיך די בעציהונגען צווישען מענשען? וואָס איז די מעשה, וואָס איין סיסטעם שטארבט אָב און א צווייטע קומט אויף איהר פלאַץ? — אויף דיזע פראגען ענטפערט אויף פאָליטישע עקאָנאָמיע.

קורץ:

פּאָליטישע עקאָנאָמיע*) בעשעפטיגט זיך מיט דער געזעלשאַפטליכער זייט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט און מיט די ענדערונגען, וועלכע קומען אין איהר פאָר.

---

*) דאָס וואָרט עקאָנאָמיע שטאַמט פון די גריכישע ווערטער „אָיקאָס" — הויז און „נאָמאָס" — געזעץ, אָרדנונג. עקאָנאָמיע הייסט אַלזאָ הויז־האַלטונג, הויז־ווירטשאַפט, באַלעבאַטעשקייט. „פּאָליטישע" קומט פון גריכישען וואָרט „פּאַליס" — שטאָדט, שטאַאט. די ווערטער פּאָליטישע עקאָנאָמיע בעדייטען אַלזאָ די געזעצען פון דעם כלל'ס באַלעבאַטעשקייט.



צווייטע לעקציע

# 1. די לעהרע פון פראָדוקציע

## א) די נאַטור

דריי אָבטיילונגען פון דער פאָלקס ווירטשאַפט; אַלגעמיינע בעגריפען וועגען פראָדוקציאָן; די בעדינגונגען פאַר דער פראָדוקציאָן; דער איינפלוס פון דער נאַטור אויף דער פראָדוקציאָן: קלימאַט, באָדען, וואַסערן, פלאַנצען און חיות; די פערענדערונגען אין די נאַטור־בעדינגונגען; די ווירקונג פון מענשען.

---

די פאָלקס ווירטשאַפט בעשטעהט פון דריי טיילען: פון'ם שאַפען מיטלען צום לעבען, פון דעם פונאַנדערטיילען די מיטלען צווישען די מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט און פון'ם געברויכען די פראָדוקטען.

אין די אַמאָליגע צייטען, ווען די פראָדוקטען זיינען געשאַפען געוואָרען צום אייגענעם געברויך איז די פונאַנדערטיילונג געווען זעהר אַן איינפאַכע און האָט פערנומען אַן אונבעדייטענדען פלאַץ אין דער גאַנצער ווירטשאַפט. די הויפט אַרבייט איז בעשטאַנען אין'ם שאַפען די פראָדוקטען און זייער געברויך. אין דער היינטיגער ווירטשאַפט, וואו די פראָדוקטען ווערען ניט געשאַפען פאַר'ן אייגענעם געברויך, נאָר פאַר'ן מאַרק, איז דער מיטעל רינג פון דער ווירטשאַפט — די פונאַנדערטיילונג — זעהר וויכטיג. די אַרבייט איז היינט אַזוי צוטיילט, דאַס יעדערער אַרבייט נאָר אויס אַ קליינעם טייל (און דאַס רוב גאָרניט) פון די לעבענס מיטלען, וואָס ער פערנוצט פאַר זיך. דאַס רוב לעבענס־מיטלען בעקומט יעדערער דורך טויש, דורך דעם, וואָס ער טוישט אויס די פראָדוקטען פון זיין אייגענער אַרבייט אויף די פראָדוקטען פון אַנדערען'ס אַרבייט. יעדער מענש איז אין היינטיגע צייטען אָבהענגיג פון אַזויפיעלע מענשען, וועלכע ער קען גאָרניט און וועלכע ער האָט אין זיין לעבען גאָר קיין מאָל ניט אָנגעזעהן. יעדערער איז נאָר אַ קליינער טייל, אַ שרייפעל פון דער גרויסער געזעלשאַפטליכער מאַשין. דער מיטעל רינג, די פונאַנדערטיילונג, איז זעהר אַ וויכטיגער טייל אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט. אַ ספּעציעלער קלאַס — סוחרים — בעשעפטיגט זיך מיט דער

פונאַנדערטיילונג. די גאַנצע פאָלקס ווירטשאַפט ווערט דעריבער איינגעטיילט אין דריי אָבטיילונגען:

1) פּראָדוקציע — אָדער — שאַפען פון די פּראָדוקטען;

2) צירקולאַציע — אָדער — פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען;

3) קאָנסומפּציע — אָדער — געברויך פון די פּראָדוקטען.

## 1. פּראָדוקציע.

פון פריהער ווייסען מיר, אַז די ארבייט פון שאַפען די פּראָדוקטען איז פערבונדען מיט דעם בעגריף פון פּראָדוקציע.

שאַפט דער מענש, באמת, נייע זאַכען? נייע פּראָדוקטען? געוויס ניט!

ווען אַ שניידער, למשל, נעהט אויף אַ בגד, האָט ער מיט זיין ארבייט קיין נייע מאַטעריאַל ניט בעשאַפען; ער האָט גענומען פאַרטיגע מאַטעריאַל — טוך, פאָדים, קנעפּ א. א. וו. און האָט פון זיי מיט זיין ארבייט געמאַכט אַ נוצליכע זאַך, אַ פּראָדוקט, וואָס בעפרידיגט אַ מענשליכע בעדערפניש. דאָס טוך האָט ער אליין ניט בעשאַפען, דעם פאָדים און די קנעפּ אויך ניט. דאָס האָט ער נעקראָגען פאַרטיגע. אפילו דער וועבער, וועלכער האָט געוועבט דאָס טוך האָט קיין נייעס ניט געשאַפען, ער האָט עס פון פאַרטיגע וואָל אויסגעוועבט. די וואָל גופא איז געוואַקסען אויף שאָף און די שאָף האָבען געקענט ברענגען וואָל, ווייל די נאַטור האָט מיט איהרע גראָזען זיי געגעבען די מעגליכקייט זיך צו האָדעווען און צו וואַקסען.

אפילו דער פאַרמער שאַפט אויך ניט מיט זיין ארבייט נ י י ע מאַטעריאַל; מיט זיין ארבייט טהוט ער בלויז אויף, אַז די נאַטור זאָל עפענען איהרע אוצרות און זאָל ערלויבען, אַז דאָס מאַטעריאַל און די עלעמענטען, וועלכע געפינען זיך אין איהר, זאָל קענען בעארבייט ווערען אין די נוצען פון מענשען. קיין נייע זאַכען ווערען בכן ניט בעשאַפען. עס ווערט בלויז ב ע אַ ר ב י י ט דאָס מאַטעריאַל, וואָס די נאַטור גיט אונז. מען דאַרף דעריבער אונטער פּראָדוקציע אין ריכטיגען זין פערשטעהן ניט דאָס שאַפען אַ נייעס, נור דאָס בעארבייטען פון מאַטעריאַלען, דאָס געבען געוויסע שטאָפען אַ נייע פאָרם, אַ נייע געשטאַלט און אויסזעהן.

ניט יעדע ענדערונג אין די מאַטעריאַלען פון דער נאַטור קען אָנגערופען ווערען פּראָדוקציע. ווען איינער וועט גראָבען ערד

סתם אין דער וועלט אריין, אָדער גיסען וואַסער אין ים אָהן א שום צוועק, וועט זיין ארבייט ניט בעטראַכט ווערען אַלס פּראָדוק־טיווע ארבייט נאָר אַלס נוצלאָזע, אונפּראָדוקטיווע ארבייט.

**פּראָדוקציע** מיינט—דאָס איבעראַר־בייטען פון׳ם מאַטעריאַל, וואָס גע־פינט זיך אין דער נאַטור, אין אזוי־נע זאַכען, וועלכע בעפרידיגען די מענשליכע בעדערפנישען.

איצט ווען מיר האָבען שוין א בעגריף מכח דעם עצם פון דער פּראָדוקציע וועלען מיר אָנפאַנגען צו בעטראַכטען אויספיהרליך די בעדינגונגען, פון וועלכע די פּראָדוקציע איז אָבהענגיג.

מיר האָבען דאָ בעוויזען, אז די פּראָדוקציע איז ניט אַנ־דערש, ווי דאָס בעאַרבייטען און איבעראַרבייטען פון די קרעפטען און מאַטעריאַלען, וואָס מיר געפינען גרייט אין דער נאַטור פאַר זאַכען, וועלכע האָבען דעם צוועק צו בעפרידיגען מענשליכע בע־דערפנישען.

עס איז דעריבער פערשטענדליך, אז יעדע פּראָדוקציע איז אָבהענגיג פון דער **נאַטור**, פון איהרע בעדינגונגען, מאַטע־ריאַלען און עלעמענטען, מיט וועלכע די פּראָדוקציע האָט צו טהאָן.

אום דאָס מאַטעריאַל פון דער נאַטור זאָל קענען צופרידענ־שטעלען די מענשליכע בעדערפנישען דאַרף מען ארבייטען, אויס־לאָזען כח, ענערגיע און יעדע פּראָדוקציע האָט דעריבער זיך צו רעכענען מיט דער מאָס ארבייט, ווי מיט דער ארט און ווייזע, ווי די געזעלשאַפט ארבייט.

ארבייטען קען מען ניט מיט הוילע הענד, מען מוז דערצו האָבען געצייג, מען דאַרף אין די היינטיגע צייטען אויך האָבען געלד און אנדערע הילפס־מיטלען, אום מען זאָל קענען אָנגעהן מיט דער ארבייט און דעריבער איז יעדע פּראָדוקציע אָבהענגיג פון

א) נאַטור,
ב) ארבייט,
ג) קאַפּיטאַל.*)

---

*) בעמערקונג: אין גרונד גענומען זיינען פאַראַן ניט מעהר, ווי צוויי בעדינגונגען, פון וועלכע די פּראָדוקציע איז אָבהענגיג: נאַטור און אַרבייט. די נאַטור איז די מוטער, דער פּאַסיווער עלעמענט פון דער פּראָדוקציע און די אַרבייט איז דער פאָטער, דער אַקטיווער עלעמענט פון

## א) נאַטור.

צו די נאַטירליכע בעדינגונגען, וועלכע האָבען אַן איינפלוס אויף דער פּראָדוקציע, געהערען:

1. דער קלימאַט — די וואַרעמקייט און פייכטקייט אין דער אַטמאָספּערע, און די לופט בעוועגונגען( ווינטען).

יעדער אָרגאַניזם, אַ חיה אָדער אַ פלאַנץ, דאַרף האָבען אַ געוויסע טעמפּעראַטור פאַר זיין עקזיסטענץ. אין די גאַנץ קאַל־טע לענדער קענען צ. ב. ניט וואַקסען פיעל זומער תבואות און די מענשליכע אַרבייט קען דערביי גאָר ניט אויפטהאָן. פער־קעהרט, אין די וואַרעמע לענדער וואַקסען פערשידענע מינים תבואות און פרוכטען און די פּראָדוקציע פון לעבענס־מיטעל איז פיעל לייכטער.

אויסער פון דער וואַרעמקייט איז די פּראָדוקציע אָבהענגיג פון דער פייכטקייט. אין מאַנכע ערטער, וואו די טעמפּעראַ־טור איז זעהר אַ גוטע, זיינען די פערמעס ניט געראָטען, ווייל עס רעגענט צו פיעל אָדער, ווייל עס רעגענט צו ווענינ. אין דרום־רוסלאַנד זיינען גאַנץ אָפט די גערעטענישען זעהר שלעכט, ווייל די לופט איז צו טרוקען. אין אַמעריקא ווידער זיינען דאָ אַ סך ערטער, וועלכע טויגען ניט פאַר תבואות צוליעב דעם, ווייל זיי זיינען זומפּיג.

אויף די ווינטען בעאיינפלוסען די פּראָדוקציע. מאַנכע אונטערנעהמונגען זיינען אין גאַנצען אָבהענגיג פון ווינטען, ווי אַ שטייגער, ווינט־מיהלען, זעגעל־שיפען א. א. וו. אפילו אין דער ענטדעקונג פון אַמעריקא האָבען ווינטען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָליע. פון דער אַנדערער זייט טרעפט עס, אַז ווינטען ברענ־גען פיעל שאַדען, זיי מאַכען אַ תל פון פיעלע מענשליכע אויפ־

---

דער פּראָדוקציע. די אַרבייט ווירקט אויף דער נאַטור און עס ווערען דורך דעם בעשאַפען פּראָדוקטען צום לעבען. דאָס וואָס מיר רופען קאַ־פּיטאַל איז, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען, ניט מעהר ווי פערגליווערטע אַרבייט. געצייג, אינסטרומענטען, מאַשינען האָבען מיר בעקומען נור דורך דעם, וואָס דער מענש האָט גענומען מאַטעריאַל פון דער נאַטור און עס איבערגעאַרבייט אין ניצליכע זאַכען. מיר בעטראַכטען דאָ פון דעסט־וועגען קאַפּיטאַל אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע בעזונדערע בעדינגונג, כדי עס זאָל אונז זיין לייכטער פונאַנדערצוגלידערען דעם גאַנצען ענין פון דער פּראָדוקציע און אריינקוקען אין איהר תוך. אין היינטיגע צייטען האָט זיך דאָס קאַפּיטאַל אַזוי דערוויטערט פון זיין מוטער אַרבייט, דאָס עס דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס אַ בעזונדערע קראַפט פאַר דער פּראָדוקציע.

טהואונגען. אָט האָט דאָ דער שטורם, וואָס איז געוועז אין מזרח אמעריקא דעם 1טען מערץ 1914, פעראורזאכט פיעל מיליאָנען שאָדען. פון א געוואלדיגער מאסע מענשליכער ארבייט איז אין א פּאָר שעה געוואָרען א חורבן.

2. ד ע ר ב א ד ע ן — די פיזישע אייגענשאפטען און די כעמישע צוזאמענזעצונג פון דער אויבערשטער ערד שאָלעכץ.

יעדער פארמער, אויב ער וויל בעארבייטען זיין לאנד, מוז זיך שטענדיג רעכנען מיט די אייגענשאפטען פון זיין באָדען. אויף א זאמדיגען באָדען, למשל, קען מען זעען אנדערע מינים תבואות, ווי אויף א ליימיגען באָדען. א הומוס־באָדען, וואו עס איז פאראן א סך פערפוילטע אָרגאנישע שטאָפען, נויטיגט זיך שוין ווייטער אין אַן אנדער סאָרט פלאנצען. דאָס זעלבע מוז דער פארמער, ווען ער אָרגאניזירט זיין ווירטשאפט, זיך רעכנען מיט די כעמישע עלעמענטען און זאלצען, וועלכע דיענען אלס נאָהרונגס־מיטעל פאר די פלאנצען.

דאָס אלץ, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט בנוגע לאנד ווירט־שאפט, פאסט זיך בנוגע דער קוילען און מעטאלען פראָדוקציע. די ארבייט אין די מינען, אין די שאכטען, ווענדעט זיך פון די מינעראלען און מעטאלען, וועלכע געפינען זיך אין די ערד שיכ־טען. קיין מענש איז ניט אימשטאנד צו מאכען פון א קופּער־שאכט א גאָלד־שאכט; פון א קוילען־שאכט — א קופּער־שאכט.

3. י מ י ם א ו ן ט י י כ ע ן ; ב ע ר ג א ו ן ט א־ ל ע ן. דער שיפבוי, ווי אויך דער האנדעל מיט די אריינגע־פיהרטע און ארויסגעפיהרטע סחורות, האָט זיך געקענט ענטוויק־לען בלויז אין די ערטער, וועלכע ליגען לעבען ים. א דאנק די וואסער־וועגען האָט זיך אויך ענטוויקעלט דער פערקעהר צווישען מענשען. מענשען פון פערשיידענע לענדער און נאציעס טרעפען זיך און לערנען איינער פון אנדערן אָב די פערשיידענע אופנים, ווי בעסער צו פּראָדוצירען זאכען פאר'ן מענשליכען בעדארף.

אין גריכען לאנד און איטאליען — לענדער, וועלכע ליגען לעבען ימים — האָט זיך די פּראָדוקציע ענטוויקעלט פריהער, ווי אין אלע אנדערע לענדער. דאָס איז הויפּטזעכליך פאָרגעקו־מען צוליעב דעם, ווייל דער מיטעללענדישער ים (ים התכון) האָט זיי פעראייניגט מיט די קולטור פעלקער פון אזיע און אפריקא.

בערג האָבען, פערקעהרט, א שלעכטע ווירקונג אויף די פּראָ־דוקציע. ימים און טייכען דערנעהנטערען און ברענגען צוזאמען

פערשיידענע מענשען, אין דער צייט, ווען בערג טיילען מענשען פונאַנדער, מאַכען שווערער דעם פערקעהר און פערלאַנגזאַמען די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע.

אויך טאָלען האָבען אַן איינפלוס אויף דער פּראָדוקציע. די מילך פּראָדוקציעס זיינען אַממייסטען ענטוויקעלט אין די נידעריגע לענדער, ווייל דאָרטען וואַקסען זעהר גוט פערשיידענע גראָזען, וועלכע דינען אַלס נאַהרונג, אַלס פוטער פאַר בהמות. בערג און טאָלען שפּיעלען אויך אַ גרויסע ראָליע אין מלחמות.

3. פּלאָרא (פּלאַנצונגען) און פאַונא (חיות). פון דער פּלאַנצען-וועלט האָבען וועלדער זעהר אַ גרויסע בעדייטונג אין דער פּראָדוקציע. די האָלץ און ברעטער־פאַבריקען קענען זיך ענטוויקלען בלויז אין די ערטער, וואו עס זיינען פאַראַן גרויסע וועלדער. אין די אַלטע צייטען האָבען וועלדער געדיענט אַלס אַ שוץ פאַר דער בעפעלקערונג. זיי האָבען אויך געדיענט אַלס גרענעצען אָבצוטיילען איין לאַנד פון דעם צווייטען. דאָרטען, וואו דאָס לאַנד איז בעדעקט מיט דיקע אונדורכדרינגליכע וועלדער, זיינען מענשען פערהעלטניסמעסיג זעהר וועניג, אויב מען זאָל די צאָהל מענשען צוטהיילען אויף די איינהייטען פון שטח לאַנד. ארום די וועלדער האָט זיך אַם מייסטען ענטוויקעלט די יאַגד־בעשעפטיגונג און ארום די לאָנקעס האָט זיך ענטוויקעלט די פיה־צוכט.

די פערשפּרייטונג פון חיות האָט אויך געהאַט ניט קיין קליינע ווירקונג אויף דער פּראָדוקציע.

דער קאַמפּף מיט די ווילדע חיות האָט ענטוויקעלט די וואַפען און געוועהר פון די ערשטע מענשען, האָט זיי געצוואונגען צו לעבען צוזאַמען און צו פיהרען אַ געמיינשאַפטליכען, בחברותא׳דיגען לעבען. די מורא פאַר ווילדע חיות האָט אויך געצוואונגען דעם מענשען זיך צו בענוצען מיט פייער אַלס פערטיידיגונגס מיטעל, נאָך אַ צייט פריהער, איידער דער מענש האָט זיך מיט איהם בענוצט אַלס אַ מיטעל צו קאָכען.

נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג ווי די ווילדע חיות האָבען די הויז־חיות און בהמות פאַר דער פּראָדוקציע.

אויסערדעם, וואָס די בהמות גיבען פלייש, פעלען, ביינערנע זאַכען דעם מענשען, דיענען זיי אויך אַלס די בעסטע העלפער זיינע אין זיין ארבייט, ווי פערד, קעמלען, אייזלען, הינט אַז״וו.

די אָבגעשטאַנענקייט פון די אויסטראַלישע שבטים ערקלערט

זיך טיילווייז דערמיט, וואָס ביי זיי איז געווען ווייניג הויז־חיות, וועלכע זאָלען זיי העלפען זיך צו בעפרייען פון דעם שווערען קאמפף פאר עקזיסטענץ. די אָרעמקייט פון הויז־חיות אין אמע־ריקא איז אויך געווען איינע פון די אורזאכען פאר וואָס די אינ־דיאנער זיינען געבליבען אין ווילדען צושטאנד. ניט האָבענדיג קיין העלפער האָבען די אמעריקאנישע שבטים זיך ניט געקענט בעפרייען פון זייער ווילדען ציגיינער לעבען, זיי האָבען ניט געהאט די מעגליכקייט זיך צו בעשעפטיגען מיט לאנד־ווירטשאפט, ווייל זיי האָט געפעהלט בהמות דערצו.

ווען מיר בעטראכטען די ווירקונג פון די נאטירליכע בעדינ־גונגען אויף דער פּראָדוקציע קומען מיר צום פאָלגענדען כלל: וואָס מעהר די נאטור גיט דעם מענ־שען, אלץ לייכטער און פּאָרטשריט־ליכער איז זיין ארבייט — די פּראָ־דוקציע.

ווען די נאטור איז אָבער צו רייך, ווירקט זי ווידער ניט גוט אויף דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע. אין אנדערע פעלען ווירקט א צו רייכע נאטור פונקט אזוי שלעכט, ווי א צו אָרימע.

ווען דער מענש בעקומט מיטלען צום לעבען גרינג, גרייט פון די נאטור, דאַן איז ער ניט געצוואונגען צו ארבייטען און די פּראָדוקציע ענטוויקעלט זיך ניט. אין די הייסע לענדער פון אפריקא וואקסט א מין צוקער־פלאנצונג, וואָס איין בוימעל איהר רער קען ערנעהרען א פאמיליע אויף א גאנצען טאָג. אום צו פערפלאנצען אזוינע 400 בוימלעך דארף מען נור האָבען איינינע טאָג ארבייט. עס פערשטעהט זיך, אז וויבאלד דער מענש איז פערזאָרגט מיט זיין חיונה אויף א יאָהר צייט און די נויט טרייבט איהם ניט צו ארבייטען, איז אונמעגליך, אז די פּראָדוקציע זאָל דאָרטען וואקסען.

ווען די נאטור איז צו אָרעם ענטווי־קעלט זיך אויך זעהר שלעכט די פּראָדוקציע. די גאנצע צייט געהט ביים מענשען אוועק אום צו בעקומען די נויטווענדיגסטע לעבענסמיטלען און עס בלייבט ניט קיין צייט און קיין כח צו טראכטען, ווי אויסצובעסערען די פּראָדוקציע.

דאָס אויפבויען א ווארימע דירה און דאָס אויפנעהען ווא־

רעמע קליידער נעהמט אוועק ביים איינוואוינער אין די קאַלטע לענדער זעהר פיעל צייט און ענערגיע, בעת דער איינוואוי־נער אין די וואַרימע לענדער בעקומט דאָס אַלעס זעהר גרינג. אפילו שפייז דאַרף אויך דער ערשטער האָבען מעהר פאַר'ן צוויי־טען. דער איינוואוינער אין די קאַלטע לענדער איז אַ גרעסערער נצרך און דאַרף על פי יושר בעקומען פון דער נאַטור מעהרער ווי דער איינוואוינער פון די וואַרעמע לענדער. אין אמת'ן אָבער איז די נאַטור צו איהם זעהר שלעכט. ער מוז פאַר די זעלביגע זאַכען אַרבייטען אַ סך מעהר, ווי דער פון די וואַרימע לענ־דער. די אַרבייט אין די גאַנץ קאַלטע לענדער איז ווייניג אָנ־געלייגט און ניט דער שכל און ניט די מעטאָדען פון אַרבייט קענען זיך ענטוויקלען.

אַ צו רייכע און אַ צו אָרעמע נאַטור ווירקען אויף גאַנצע געזעלשאַפטען פונקט, ווי אַ גאַנץ רייכע ירושה און האָפענונגס־לאָזען אָרעמקייט ווירקען אויף איינצעלנע מענשען.

פאַר דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע זיינען בעסער פון אַלע די בעדינגונגען אין די מעסיגע לענדער. די נאַטור איז דאָרטען ניט זעהר רייך און ניט זעהר אָרעם; דער מענש דאַרף ניט ווייניג האָרעווען, אָבער ניט אַזוי פיעל, אַז די אַרבייט זאָל פון איהם אוועקנעהמען די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען.

די געשיכטע ווייזט אונז, אַז די ערסטע גרויסע שריט פון דער ענטוויקלונג, די ערשטע קערנער פון דער קולטור זיינען גע־ווען פאַרזעעט אין די וואַרימע לענדער, וואו די נאַטור איז זעהר רייך — אינדיען, בבל, אשור, מצרים, א. אז. וו. דאָס איז אויך גאַנץ פערשטענדליך. ביי די איינוואוינער פון די דאָזיגע לענ־דער איז שטענדיג געווען זעהר פיעל פרייע צייט, ווייל מיטלען צום לעבען האָבען זיי בעקומען זעהר גרינג. אָט די קערנער האָ־בען זיך אָבער ענטוויקעלט בלויז ביז אַ געוויסען גרענעץ. נאָך דעם איז געקומען אַ שטילשטאַנד. שפּעטער האָבען די פעלקער פון די מעסיגע לענדער איבערגענומען די קולטור ביי די פעלקער פון די הייסע לענדער און האָבען זי אַ סך מעהר ענטוויקעלט. אויך איצט שטעהט די פּראָדוקציע און, איבערהויפּט, די גאַנצע קולטור אַ סך העכער אין די מעסיגע לענדער — אין אייראָפּע און אין די פעראייניגטע שטאַאטען (נאָרד אַמעריקאַ).

די נאַטירליכע בעדינגונגען בלייבען ניט אַלע מאָל די זעל־

ביגע. זיי ענדערען זיך, זיי בייטען זיך און מיט זיי בייט זיך געוועהנליך זייער ווירקונג אויף דער פּראָדוקציע.

די פערענדערונגען אין דער אויסערליכער נאטור קען מען פונאנדערטיילען, ערשטענס, אויף זעלבסטשטענדיגע פערענדערונגען, אזעלכע, וועלכע קומען פאַר דורך די קרעפטען פון דער אויסערליכער נאטור גופא; און, צווייטענס, אויף פערענדערונגען, וועלכע קומען פאַר א דאנק דער ארבייט פון מענשען.

צוליעב דער שטענדיגער, אונאויפהערליכער בעוועגונג פון די פערשיידענע פליסיגע מעטאַלען, וועלכע געפינען זיך אין אונזער ערד, קומען פאַר פערענדערונגען אין דער ערד־שאָלעכץ. אנדערע ערטער פון דער ערד־שאָלעכץ הייבען זיך אויף און אנדערע וויעדער לאָזען זיך אראָב נידעריגער. עס בילדען זיך נייע בערג, נייע אינזלען און צוליעב דעם פערענדערן זיך ממילא אויך די ימים.

פון דער געאָלאָגיע איז בעוואוסט, אז אמאָל, פיעל טויזענדער יאָהר צוריק, איז דער קלימאַט אין אייראָפּע געוועזען א סך קעלטער, ווי איצטער, אן ערך אזעלכער, ווי דער קלימאַט איצט אין סיביר. פון די פערשיידענע נאָכבלייבענישען, פון די ביינער, שטיינערנע געוועהר, וואָס מען געפינט איצט אין דער ערד, זעהט מען, אז דעמאָלט האָבען דאָרטען אויך געוואוינט מענשען. די בייזע נאטור פון יענער צייט איז געוויס געוועזען א גרויסע שטערונג פאר דער פּראָדוקציע.

אזוינע זעלבסטשטענדיגע פערענדערונגען קומען אָבער פאָר זעהר לאַנגזאַם. פאַר דער פּראָדוקציע פון דער צייט, מיט וועלכע פּאָליטישע עקאָנאָמיע בעשעפטיגט זיך, האָבען אזעלכע לאַנגזאמע פערענדערונגען קיין שום בעדייטונג ניט. א יוצא מן הכלל זענען די פערענדערונגען, וועלכע ענטשטעהען פּלוצלונג, דורך א פערפלייצונג, דורך אן ערד־ציטערניש, דורך א וואולקאן א. אז. וו. אזעלכע קאטאסטראָפען האָבען אלע מאָל זעהר א שלעכטע ווירקונג אויף דער פּראָדוקציע.

פיעל שנעלער קומען פאָר די פערענדערונגען א דאנק דער ארבייט פון מענשען.

אָט די ענדערונגען האָבען ניט אלע מאָל דיזעלביגע ווירקונג. אנדערע מאָל פערבעסערען זיי די פּראָדוקציע און אנדערע מאָל, פערקעהרט, מאכען זיי נאָך ערגער די נאטירליכע בעדינגונגען און ממילא אויך די פּראָדוקציע.

מיר וועלען דאָ ברענגען איינינגע ביישפּיעלען:

ווען מענשען האַקען אוים די וועלדער, ווערט דער קלימאַט אַלץ טרוקענער, די ווינטערדיגע קעלטען און די זומערדיגע היצען ווערען שטאַרקער; טריקענט מען אוים די בלאָטעס, זומ־פּען — פערבעסערט זיך דער באָדען, ער ווערט פּרוכטבאַרער; אויך דער קלימאַט פערבעסערט זיך. דער מענש קען דורך קינסט־ליכע מיטלען, דורך מיסטיגונג, דורך דרענאַזש, מאַכען פון אַ ווענינער פּרוכטבאַרע לאַנד אַ מעהר פּרוכטבאַרע.

דורך דעם, וואָס מענשען מאַכען טיפער די טייכען און פער־איינינען זיי דורך קאַנאַלען, פערבעסערען זיך די וואַסער־וועגען און דער פערקעהר ענטוויקעלט זיך. אַ דאַנק די אייזענבאַהנען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו בעגעגנען מענשען פון אַזוינע ערטער, צווישען וועלכע דער פערקעהר איז פריהער געווען אונמעגליך אי־בער דעם גרויסען מהלך, וואָס איז צווישען זיי געווען. מענשען שניידען דורך גאַנץ גרויסע בערג, זיי בויען טונעלען. דער קאַנאַל זועץ האָט פעראייניגט צוויי אָבגעטיילטע אָקעאַנען — דעם אינדי־שען און דעם אַטלאַנטישען און אויף איינינע טויזענד מייל האָט דאָס דערנעהנטערט צו איירָאָפּאַ צפון און מזרח אזיען. אַלעמען איז איצט קלאָהר די גוואַלדיג־גרויסע אויסזיכטען פאַר דער אַלוועלט־ליכער פּראָדוקציע, וואָס דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל האָט איצט געגעבען, און דאָס איז דער בעסטער בעווייז, אַז דער מענש קען אין פיעלע פּרטים ענדערן די נאַטור־בעדינגונגען און ממילא אויך די פּראָדוק־ציע.



## דריטע לעקציע.

# ב) ארבייט

בעגריף וועגען אַרבייט; פּראָדוקטיווע און ניט־פּראָדוקטיווע אַרבייט; אינדיווידועלע און געזעלשאַפטליך־נוצליכע אַרבייט; איינפאַכע און קוואַליפיצירטע אַרבייט; די קוואַנטיטעט און די קוואַליטעט (כמות און איכות) פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט; געצוואונגענע און פרייע אַרבייט; אַ סך הכל.

נאָך דעם ווי מיר האָבען שוין אַ בעגריף וועגען דעם איינפלוס און דער ווירקונג פון דער נאַטור, געהען מיר איצט איבער צו דער צווייטער בעדינגונג, פון וועלכער די פּראָדוקציע איז אָב־הענגיג — צו ארבייט.

די נאַטור גרייט פאַר אונז אָן דאָס מאַטעריאַל און גיט אונז אויף די בעקוועמליכקייטען, כדי מיר זאָלען קענען מאַכען אַ לעבען. זי גיט אונז ליכט, נאַהרונג, וואַסער צו טרינקען, שטאָף פאַר קליידער, האָלץ און ליים פאַר דירות א. אז. וו. מיר קענען אָבער ניט קומען אויף אַלעם פערטיגען און נעהמען פון דער נאַטור אַלין, וואָס אונז איז נויטיג. אום מיר זאָלען קענען בעפרידיגען אונ־זערע בעדירפנישען מיט די מתנות פון דער נאַטור, מוז מען פריי־הער  א ר ב י י ט ע ן.  בלויז פון לופט און ליכט קענען מיר געניסען אָהן ארבייט. פאַר די איבעריגע טובות, וואָס די נאַטור טהוט מיט אונז, מוזען מיר צאָהלען אַ צינז אין דער פאָרם פון ארבייט. אפילו וואַסער בעקומען מיר זעלטען אומזיסט. נאָר דורך דער ארבייט ווערט דאָס מאַטעריאַל פון דער נאַטור פער־וואַנדעלט אין פּראָדוקטען. ניט אַלע זאַכען, וועלכע בעפרידיגען אונזערע בעדערפנישען, זיינען פּראָדוקטען. לופט און ליכט, למשל, זיינען בלויז מתנות, טובות פון דער נאַטור. ריידען מיר אָבער פון פּראָדוקטען, טאָ דאַרף מען שטענדיג פערשטעהן, אז מיר האָ־בען דאָ אין זינען אַזוינע זאַכען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך  מ ע נ ש ל י כ ע  א ר ב י י ט.  אָהן ארבייט קאַן ניט זיין קיין פּראָדוקציע, פונקט ווי זי קען ניט זיין אָהן דער נאַטור.

א ר ב י י ט  ה י י ס ט  א ו י ס ג ע ב ע ן  כ ח,  ע נ ע ר־ג י ע.  ניט יעדעס אויסגעבען פון ענערגיע האָט אָבער אַ ווירט־שאַפטליכע בעדייטונג. ווען איינער וועט, למשל, גיסען וואַסער אין אַ זיפּ, אָדער ווען ער וועט אויסהאַקען בוימער אין וואַלד און זיי

דערנאָך פערברענגען, אַז קיינער זאָל פון זיי קיין הנאה ניט האָבען, מעג ער זיך דערביי מוטשען ביז שוויים, קיין אַרבייט אין ווירט־שאַפטליכען זינן וועט דאָס ניט זיין.

*ווירטשאַפטליכע אָדער, בעסער געזאָגט, פּראָדוקטיווע אַרבייט הייסט אַזאַ אַרבייט, וואָס האָט דעם צוועק צו בעפרידיגען אַ מענשליכע בעדערפעניש, אָדער וואָס בעשאַפט פּראָדוקטען, וועלכע קענען בעפרידיגען מענשליכע בעדערפענישען.*

ווען די אַרבייט ווערט געטהאָן פאַר *אינדיווידועלע* פערזענליכע בעדערפענישען, פאַר אַזוינע צוועקען, וועלכע קענען ברייגנען נוטצען בלויז דעם יעניגען, וועלכער טהוט די אַרבייט און ניט קיין אַנדערן, דאַן האָט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע מיט דעם ניט צו טהאָן. עסען, טרינקען, צ. ב., זיינען נוצליך, און ממילא איז די אַרבייט, וואָס ווערט פערוועגדעט בשעת'ן עסען אויך נוציג, אָבער דאָס איז אינדיווידועל־נוצליכע אַרבייט, ווייל די אַרבייט פון עסען ברייגגט נוצען בלויז דעם אינדיווידואום, וועלכער טהוט די אַרבייט. פאַר אַן אַנדערן קען דיזע אַרבייט גאָרניט אויפטהאָן. פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אַלס *אַ געזעל־שאַפטליכע* וויסענשאַפט, האָט בלויז צו טהאָן מיט געזעלשאַפטליך־נוצליכע אַרבייט, ד. ה. מיט אַזאַ אַרבייט, וועלכע קען בעפרידיגען אַ בעדערפעניש, ניט נור פון דעם, וועלכער טהוט די אַרבייט, נור פון יעדען איינציגען מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט. די אַרבייט פון עסען און טרינקען ווערט דעריבער פון שטאַנד־פּונקט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע ניט בעטראַכט פאַר אַן אַרבייט, וואָס בעפרידיגט אַ געזעלשאַפטליכע בעדערפעניש. דאָס נעהען שטיוועל — הגם די שטיוועל ווערט דערנאָך בענוצט פון דעם שוס־טער, וועלכער האָט זיי געמאַכט — איז יאָ אַ געזעלשאַפטליך־נוצליכע אַרבייט, ווייל די אַרבייט פון נעהען שטיוועל קען אויך בעפרידיגען אַ בעדערפעניש פון אַן אַנדער מענשען.

ווען צוויי לענדער האָבען דיזעלביגע נאַטור בעדינגונגען און האָבען אויך די זעלביגע געצייג, וועט די פּראָדוקציע זיין ערפאָלג־רייכער דאָרטען, וואו עס ווערט פאַרטהאָן מעהר אַרבייט. *)

*) אומעטום, וואו מיר געברויכען אין דעם דאָזיגען ווערק דאָס וואָרט „אַרבייט" מיינען מיר געזעלשאַפטליך־נוצליכע אַרבייט.

די פראגע איז אָבער: ווי געפינט מען אַ מאָס אויסצומעסטען דעם סכום ארבייט, וואָס ווערט פערטהאָן? מיר האָבען דאָך פערשיעדענע סאָרטען ארבייט. די אייגענשאַפט פון שוסטער׳ס ארבייט איז דאָך ניט גלייך צו דער אייגענשאַפט פון שניידערס ארבייט, און זייערע ביידענס ארבייט זיינען פערשידען פון דער ארבייט, וואָס דער שמיעד טהוט. דער שוסטער ארבייט ניט מיט די זעלביגע מוסקולען, מיט די זעלביגע נערוועז, ווי דער שניידער; און דער שמיעד ווידער געברויכט אַנדערע מוסקולען צו דער ארבייט, ווי די ערשטע ביידע. מיר האָבען פּראָסטע, געוועהנליכע ארבייט פון אַ געוועהנליכען שכיר־יום, פון אַ פּראָסטען טאג־לוינער, מיר האָבען אויך די גאַנץ קאָמפּליצירטע ארבייט פון אַ גרויסען מעכאַניקער, פון אַ געלעהרטען, פון אַ קינסטלער. ווי קען אָנגעווענדעט ווערען — וועט מען פרעגען — איינע און די־זעלבע מאָס צו פערשיידענע זאָרטען, צו פערשיידענע אייגענשאַפּ־טען און וואָס, וועלכע ארבייט, דיענט פאר אַן איינהייט אום צו מעסטען די גאַנצע סומע געזעלשאַפטליך־נוצליכע ארבייט, וואָס ס׳ווערט פערוועגדעט?

דער תירוץ איז, אַז מיר אינטערעסירען זיך ניט מיט דעם שטייגער, ווי יעדער ארביימער לאָזט אויס זיין כח, זיין ענערגיע, נאָר מיט דעם ס ך ה כ ל כח, וואָס ווערט בכלל אויסגע־געבען פאר נוצליכע צוועקען. מיר מעסטען אויס די ענערגיע, די ארבייטס־קראַפט, וואָס ווערט פערטהאָן און מיר קימערען זיך ניט מיט דעם, וועלכע מוסקולען, וועלכע נער־ווען עס זיינען געברויכט געוואָרען ביי דער ארבייט. פאר דעם עקאָנאָמיסט איז די ענערגיע פון איין אָרגאַן גלייך צו דער ענערגיע פון צווייטען אָרגאַן; פאר איהם זיינען אַלע טיילען פון קערפּער גלייך. די ענערגיע, וואָס דער שוסטער פערוועגדעט ביים נעהען אַ פּאָר שטיוועל, איז פאר׳ן עקאָנאָמיסט גלייך צו דער ענערגיע וואָס אַ געלעהרטער לאָזט אויס צו שרייבען זיין ווערק. אין גע־וועהנליכען לעבען איז אויך אַזוי. מען זאָגט: חיים דער שניידער האָרעוועט מעהר פון ברוך דעם שמיעד, אַז דער אָדער יענער דאָק־טאָר ארבייט מעהר, ווי דער אָדער יענער אינזשינער; מען בע־טראַכט דאָ אַלזאָ ניט די איכות פון דער ארבייט, נאָר די כמות. מען בעטראַכט די ארבייט, ווי אַ פערשוועגדונג פון מאַרך, נערוועז, מוס־קולען, בלוט א. אז. וו. ו ו י דיזע פערשוועגדונג קומט פאָר,

ו ו ע ל כ ע מוסקולען, מארך און נערוועז עס ווערען געברויכט צו ד'ער ארבייט — וועגען דעם רעדט מען ניט.

אלס מאס דיענט די ארבייט פון א געוועהנליכען אונגעלערנטען ארבייטער. זיין ארבייט איז די איינפאכסטע, און דעריבער דינט זי אלס מאס. מיר נעהמען א דורכשניטליכען אונגעלערנטען אר־בייטער פון מיטעלען געזונד, מיט מיטעלע געציייג און דער סכום ארבייטס קראפט, וואס ער פערוועגדעט א טאג, למשל, דיענט אלס איינהייט. די יעניגע ארבייט, צו וועלכע מען דארף זיך פריהער לערנען, איז שוין ק ו ו א ל י פ י צ י ר ט ע ארבייט, זי איז שוין פון א העכערער אייגענשאפט, און הגם דער קוואליפיצירטער ארבייטער ארבייט די זעלבע שטונדען, ווי דער פראסטער ניט־גע־לערנטער ארבייטער, ווערט אבער זיין ארבייט בעטראכט פאר א גרע סערע סומע ענערגיע, ווי ביים אונגעלערנטען. אום צו קענען טהאן די קוואליפיצירטע מלאכה מוז מען דאך פריהער פערוועגדען צייט זי צו ערלערנען. א שוסטער דארף זיך לערנען, לאמיר אננעהמען, 2 יאהר אום צו קענען די מלאכה ; א זייגער־מאכער — פינף יאהר ; א דאקטאר — 10 יאהר. און דעריבער דארף צו דער מאס ארבייט, וואס זיי פערווענדען, ווען זיי זיינען שוין אויסגעלערנט, אויך צו־גערעכענט ווערען די ענערגיע, וואס זיי האבען פערוועגדעט פאר דער צייט, ווען זיי האבען געלערנט די ארבייט.

10 שעה ארבייט פון א געוועהנליכען ארבייטער וועט דעריבער זיין גלייך, לאמיר זאגען, צו 8 שעה ארבייט פון א שוסטער ; צו 6 שעה פון א זייגער־מאכער, צו 1 שעה פון א דאקטאר, א. אז. וו., א. אז. וו.

דער סכום ארבייט אין א געוויסע לאנד ווענד'ט זיך

1) פון דער גרויס פון דער בעפעלקערונג, פון דער אב־סאלוטער צאהל מענשען, וואס זיינען פאראן.

וואס מעהר מענשען עס איז פאראן אין א לאנד, אלס מעהר ארבייטס־קראפט איז דאס לאנד עלול צו צושטעלען. מענשען זיינען פאר דעם לאנד וויכטיג, פונקט ווי גוטע נאטור־בעדינגונגען. ווען די פעראייניגטע שטאאטען וואלט מיט הונדערט יאהר צוריק פערמאכט איהרע גרענעצען און ניט אריינגעלאזען אימיגראנטען, וואלט זי געוויס ניט געקענט ענטוויקלען אזא רייכקייט, אזוי פיעל האב און גוטס, ווי איצט. דער צופלוס פון מענשען פאר א לאנד, וואס האט גענוג נאטירליכע רייכטימער, איז א גליק. וואס מעהר מענשען, אלץ מעהר ארבייטס קראפט און אלץ בעסער די פרא־

דוקציע. ווייניג מענשען אין אַ לאַנד איז אַ סימן דלות. פראַנק־רייך איז מיט רעכט זעהר שטאַרק בעזאָרגט צוליעב דעם, וואָס איהר בעפעלקערונג בלייבט אומגעפעהר שטעהן אויף איין אָרט און פערגרעסערט זיך ניט. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז איינע פון די אורזאַכען, פאַר וואָס דייטשלאַנד איז עקאָנאָמיש שטאַרקער פאַר פראַנקרייך, איז וואָס די בעפעלקערונג פון דייטשלאַנד וואַקסט שנעלער, ווי די בעפעלקערונג פון פראַנקרייך.

אין דער געשיכטע געפינען מיר ניט ווייניג שטאַטען, וועלכע האָבען געזוכט אַלערליי מיטלען, אום צו פערגרעסערען די בעפעלקערונג. אין קאָלבער'ס צייטען (אין דער צווייטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט) איז אין פראַנקרייך געוועזען ארויסגעגעבען אַ געזעץ, וועלכער האָט בעפרייט פון אָבצאָהלונגען אויף 5 יאָהר אַלע די, וועלכע האָבען חתונה געהאַט ביז 21 יאָהר. די יעניגע, וועלכע האָבען געהאַט 10 קינדער, זיינען בעפרייט געוואָרען אויף שטענדיג פון אָבצאָהלונגען.

די אבסאָלוטע צאָהל מענשען אין אַ לאַנד גיט אָבער נאָך ניט קיין קלאָהרע פאָרשטעלונג פון דער ארבייטסקראַפט, ווייל די מאָס ארבייט איז אָבהענגיג ניט פון סתם מענשען, נור פון די אַרבייטענדע מענשען. מענער ארבייטען מעהר, ווי פרויען, קינדער, און אַלטע לייט, זיינען שלעכטע ארבייטער, אָדער גאָר קיין ארבייטער ניט. און דעריבער דאַרף מען נעהמען אין אנבעטראַכט ניט נור די כמות, ניט נור די גרויס פון דער בעפעלקערונג, נאָר אויך די איכות, דעם סאָרט מענשען, פון וועלכע די בעפעלקערונג איז צוזאַמענגעשטעלט. די מאָס ארבייט ווענדעט זיך אויך

2) פון דער קוואַליטעט פון דער בעפעלקערונג, פון דעם סאָרט מענשען, פון וועלכע די בעפעלקערונג איז צוזאַמענגעזעצט. דערביי דאַרף מען נעהמען אין אכט

א) די פערטיילונג אויף געשלעכטער. אַ געלעהרטער האָט אויסגערעכענט, אַז דער כח פון אַ פרוי איז גלייך צו פינף נייַנטעל פון אַ מאַנ'ס כח. דאָס הייסט, אַז יעדער מאַנסביל האָט אונגעפעהר צוויי מאָל אזוי פיעל כח, ווי אַ פרויענצימער. עס איז דעריבער פערשטענדליך, אַז אום צו האָבען אַ ידיעה פון דער ארבייטס־קראַפט, וואָס געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט, דאַרף מען וויסען די צאָהל פרויען אין פראָפּאָרציע צו דער צאָהל מאַנספערשוינען. אויסער דעם, וואָס

פרויען זיינען בטבע שוואכער, נעהמען זיי בכלל א קלענערען אנ־טייל אין דער פּראָדוקציע ווי די מענער און געוועהנליך קומט אויס אויפ'ן גורל פון די מענער אויסצוהאַלטען די פרויען. אין די אייראָפּעאישע לענדער זיינען אויף יעדע טויזענד מענער פּאַראָן 1024 פרויען; אין אזיען — 958; אין אויסטראַליען — 852; אין אפריקא — 968; אין אַמעריקא — 973.

מיט דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק און ארבייטס צוטיי־לונג ווערט אויך די פרוי אין איהר ארבייט אַלץ מעהר אויסגע־גליכען צום מאַן. מאַנכע אינדוסטריען בעשטעהען דערהויפּט פון פרויען ארבייטער, ווי צ. ב. די בלוזען־אינדוסטרי (ליידיס ווייסט מייקערס). די פערטיילונג פון די נעשלעכטער הערט אויף צו שפּיעלען א גרויסע ראָליע אין דער פּראָדוקציע פון לאַנד.

א פיעל גרעסערע בעדייטונג ווי די פערטיילונג פון נעשלעכ־טער איז

ב) דער עלטער פון די מענשען אין דער געזעלשאַפט. קליינע קינדער און אַלטע לייט זיינען ניט קיין ארבייטער און האָבען פאר דער ווירטשאַפט קיין בעדייטונג ניט. קינדער ביז'ן עלטער פון 15 יאָהר זיינען ניט פעהיג צו דער אר־בייט. דאָס זעלבע זיינען שוין אַלטע לייט פון איבער 70 יאָהר אויסגענוצט, אויסגעאַרבייט און טויגען ניט פאר דער פּראָדוקציאָן. דאָס, וואָס אין פיעלע לענדער, עקזיסטירט נאָך קינדער־ארבייט און וואָס אַלטע לייט זיינען געצוואונגען צו ארבייטען אום זיך צו דערהאַלטען, איז קיין בעווייז ניט, אז עס דאַרף זיין אזוי. די קינדער ארבייט און די ארבייט פון אַלטע לייט איז א ניט־נאָר־מאַלע ערשיינונג און דאַרף בעזייטיגט ווערען. קינדער ארבייט איז אַן אונגליק פאר דער געזעלשאַפט. צוליעב דעם, וואָס מען פאַנגט אָן צו ארבייטען צו יונג, ווערט דער אָרגאַניזם אויסגע־מוטשעט און ער קען זיך ניט ענטוויקלען. די יעניגע, וועלכע האָ־בען געאַרבייט קינדוויז, ווערען שפּעטער אין די מיטעל־יאָהרען צו גיך אַלט און אונפעהיג צו דער ארבייט. פאַר דער פּראָדוקציע איז פיעל בעסער, עס זאָל זיין פערבאָטען קינדער ארבייט. אין פיעלע לענדער איז דער פערבאָט שוין איינגעפיהרט. אין די אַנ־דערע לענדער וועלען אויך פריהער אָדער שפּעטער מוזען דורכגע־פיהרט ווערען געזעצען קעגען קינדער ארבייט.

אין'ם עלטער צווישען 15 און 20 יאָהר איז די ארבייטס־

קראַפט נור ענטוויקעלט אויף א העלפט. דאָס זעלבע איז אין'ם עלטער פון 60 ביז 70 יאָהר.

די בעסטע ארבייטס־צייט איז פאר'ן מענשען ביי נאָרמאַלע בעדינגונגען אין'ם עלטער פון 20 ביז 60 יאָהר. און ווען מיר ווילען וויסען וואָס פאר א נאָציע געפינט זיך איין אין די בעסטע בעדינגונגען בנוגע דער ווירטשאַפט, טאָ דאַרף מען הויפּטזעבליך נעהמען אין אַנבעטראַכט די צאָהל מענשען אין'ם עלטער פון 20 און 60 יאָהר. די אַנדערע מענשען גיבען ווייניג אָדער גאָר ניט צו צו דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון דער געזעלשאַפט. פערקעהרט, זיי לעבען אויף'ן חשבון פון די פּראָדוצירענדע מענשען.

די מאָס געזעלשאַפטליכע ארבייט איז אויך אבהענגיג

ג) פון דעם געזונדהייטס־צושטאַנד פון דער בעפעלקערונג, פון דער צאָהל קראַנקע, וואָס זיינען אונפעהיג צו דער ארבייט. ביי צוויי לענדער מיט א גלייכער בעפעלקערונג און מיט דער גלייכער צאָהל פּרויען, קינדער און אַלטע לייט, וועט די מאָס ארבייט זיין גרעסער דאָרטען, וואו די צאָהל קראַנקע איז קלענער.

די קראַנקהייטען אין א לאַנד זיינען שטאַרק פערבונדען מיט דעם וואוילשטאַנד און דעם קולטור־צושטאַנד. דאָרטען, וואו די בעפעלקערונג איז אָרעם, ערנעהרט זיך שלעכט, לעבט ביי שלעכטע סאַניטאַרע און היגיענישע בעדינגונגען, זיינען קראַנקהייטען מעהר ענטוויקעלט. די נידריגע מדרגה פון קולטור, די אונוויסענהייט איז אויך מייסטענס א רעזולטאַט פון די שלעכטע בעדינגונגען, אין וועלכע א פאָלק געפינט זיך. ווען די בעפעלקערונג איז ניט אָרעם, איז זי מעהר ציוויליזירט, בענוצט זי זיך מעהר מיט דעם ראַט פון דאָקטוירים און האָט אין זיך ווייניגער קראַנקע.

דאָס געזאָגטע פּאַסט זיך אויך בנוגע דער שטערבליכקייט פון א געוויסען לאַנד.

ווייטער דאַרף מען זיך רעכענען מיט דער

ד) צאָהל מענשען, וועלכע ארבייטען סתם ניט, ניט ווייל זיי קענען ניט, נאָר ווייל זיי ווילען ניט, אָדער ווייל זיי דאַרפען ניט ארבייטען. אזוינע מענשען זיינען פאַראַן ניט ווייניג אין אונזערע צייטען. אויסער דעם וואָס זיי שטעקען אַליין ניט אריין א פינגער אין קאַלטע וואַסער, פיהרען זיי א פּאַראַזיטישען לעבען און געניסען פון פרעמדער פּראַצע. ניט ווייניג איז דאָס צו פערדאַנקען דעם צושטאַנד, וואָס די געזעלשאַפט איז פונאַנדערגעטיילט אויף קלאַסען.

דער קלאַסען־ שטאַאַט גיט פּריווילעגיעס איין קלאַס אויפ'ן חשבון פון צווייטען קלאַס.

די מאַס ארבייט הייגגט אויף אַפּ

ה) פון דער ארבייטסלאָזיגקייט, סלעק און קריזיסען. מענשען קענען זיין געזונד, פריש, ענער־גיש און דאָך קענען זיי ניט ארבייטען און פּראָדוצירען רייכקייט. די אורזאַך דערפון ליגט ניט אין די ארבייטער אַליין, נור אין די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען, אין דער אָרגאַניזאַציאָן פון דער ווירטשאַפט. אין דער הייגטיגער געזעלשאַפט איז ארבייטלאָזיגקייט א געוועהנליכע ערשיינונג. אין יעדער אינדוסטריע איז א געוויסע צייט פון יאָהר סלעק. די קריזיסען ווידער זיינען שוין אויך פון די איינגעפּרעסענע קראַנקהייטען אין אונזער פאָלקס אָרגאַניזם.

אין די צייטען פון סלעק און קריזיסען געהט אין ניוועץ א גוואַלדיגע קוואַנטיטעט ארבייטס קראַפט. די געזעלשאַפט פער־לירט זעהר א פולע צוליעב דער ארבייטסלאָזיגקייט. די ארבייטס־לאָזע, ווען זיי וואָלטען געפונען ארבייט, וואָלטען געקענט שאַפען זעהר פיעל רייכקייט פאר דער בעפעלקערונג. מיר מאַכען דאָ ניט א חקירה ודרישה וועגען די אורזאַכען, וועלכע בעשאַפען די אר־בייטסלאָזיגקייט. דאָס ווילען מיר טהאָן שפּעטער. דאָ ווילען מיר בלויז פעסטשטעלען דעם פאַקט, אז ארבייטסלאָזיגקייט פערקלע־נערט זעהר פיעל די קוואַנטיטעט געזעלשאַפטליך־נוצליכע ארבייט. אנשטאַט דעם, וואָס מען וואָלט קענען ארבייטען 52 וואָכען א יאָהר, ארבייט מען איצט דורכשניטליך ניט מעהר ווי 35, 30, 25 וואָכען איאָהר. די ארבייטסלאָזיגקייט ווירקט אויף דער ווירט־שאַפט פונקט אזוי ווי א קראַנקהייט, וואָס בעפאַלט דעם ארביי־טער 20—15 וואָכען יעדען יאָהר.

---

ביז איצט האָבען מיר גערעדט פון דער מאַס ארבייט, וואָס ווערט אויסגעגעבען אין א געזעלשאַפט. מיר האָבען ערקלעהרט די בעדינגונגען, פון וועלכע די מאַס ארבייט איז אַבהענגיג. מיר האָבען געזעהען, אז די קוואַנטיטעט בכלל ווענדעט זיך 1) פון דער צאָהל פּראָדוקטיווע ארבייטער און 2) פון דער ארבייטס־צייט, ווי פיעל יעדער פּראָדוקטיווער ארבייטער פערברענגט פאר פּראָדוקטיווע, געזעלשאַפטליך־נוצליכע ארבייט. דערמיט איז נאָך אָבער די זאַך ניט געענדיגט. צוויי ארבייטער קענען ארבייטען דיזעלבע צייט און דאָך קען איין ארבייטער פּערווענדען מעהר און דער צווייטער

קען פערוועגדען וויינינער ארבייטס ענערגיע. מען זאָגט דאָן, אז די איכות, די אייגענשאַפט פון דעם ערשטען ארבייטער איז אנדערש, ווי די איכות פון צווייטען ארבייטער.

די איכות פון דער ארבייט ווערט בעשטימט דורך ד ע ר א י נ ט ע נ ס י ו ו ק י י ט, דורך אָנגעשטרענגקייט פון דער ארבייט. אין אַ טאָג קען אַן ארבייטער ארויסגעבען פון זיך מעהר אָדער וועניגער ארבייטס־קראַפט; דאָס ווענדט זיך דערפון. אויף וויפיעל דער ארבייטער שטרענגט זיך אָן ביי דער ארבייט, ווי ווייט ער ארבייט אינטענסיוו. עס ארבייטען צ. ב. צוויי קוילען־גרעבער מיט גלייכער געצייג. איינער נעמט ארויס אין א טאָג א טאָן קוילען, דער אנדערער — צוויי טאָן. דער צווייטער גיט דאָ ארויס אין א טאָג צוויי מאָל אזוי פיעל ארבייטס־ענערגיע, ווי דער ערשטער, די ארבייט פון צווייטען איז דאָפּעלט־אינטענסיוו, ווי די ארבייט פון ערשטען.

די אינטענסיווקייט הייננט אָב פון פיעלע און פערשיעדענע בעדינגונגען. מאַנכע בעדינגונגען געפינען זיך אין דעם ארביי־טערס אייגענעם אָרגאַניזם. דאָס איז זיין ק ר א פ ט, ג ע ־ז ו נ ד ק י י ט א ו ן ג ע ו ו א ו י נ ה י י ט צ ו ד ע ר א ר ב י י ט.

א צו לאַנגער ארבייטס־טאָג שוואכט אָב דעם ארבייטער, שאַדעט זיין געזונד און פערקלענערט ממילא די אינטענסיווקייט פון דער ארבייט. אלע צ. ב. ווייסען, אז אין דער ערשטער העלפט פון ארבייטס־טאָג געהט ארויס מעהר ארבייט ווי פון דער צוויי־טער העלפט. וואָס לענגער דער ארבייטס־טאָג ציהט זיך, אלץ וועניגער אינטענסיוו איז די ארבייט. פאר קיין אינדוסטריע לוינט ניט צו האָבען א צו־לאַנגען ארבייטסטאָג, א 12־שעה'דיגער ארבייטסטאָג גיט ארויס מעהר ארבייט, ווי א 14 שעה'דיגער. אַן 8־שעה'דיגער ארבייטסטאָג ביי די איצטיגע בעדינגונגען איז פרוכטבארער ווי א צעהן שעה'דיגער. קיין אינדוסטריע, וואו עס איז איינגעפיהרט אַן 8 שעה'דיגער ארבייטס־טאָג, קען זיך ניט בעקלאָגען אויף קנאַפּ ארבייט.

די געוואוינהייט שפּיעלט אויך א ראָליע ביי דער ארבייט. וואָס מעהר אַן ארבייטער איז געוואוינט צו זיין ארבייט, אלץ פרוכטבארער, אינטענסיווער איז זיין ארבייט. די אינטענסיוו־קייט פון די ענגלישע ארבייטער ערקלעהרט זיך דערמיט, וואָס זיי זיינען פון דורות געוואוינט צו דער ארבייט. אַנדערע בעדינ־

נונגען פאר דער אינטענסיווקייט פון דער ארבייט זיינען פערבונ־
דען מיט דער פאָרם פון דער פּראָדוקציע, וואָס הערשט אין דער
געזעלשאפט. אין א מאשינען־פּראָדוקציע איז דער ארבייטער
אונטערדריקט צו דער מאשין, ער איז געצוואונגען איהר נאָכצו־
האלטען, ער קען ניט לאָזען געהן די מאשין אליין און דעריבער
קען מען אלס כלל בעהויפּטען, אז מאשינען פערגרעסערען די אינ־
טענסיווקייט פון דער ארבייט.

די אינטענסיווקייט האָט אויך זעהר פיעל צו טהאָן מיט דעם,
ווי די געזעלשאפט בעציהט זיך צום ארבייטער, מיט די געזעצען,
וועלכע הערשען אין אָט דער הינזיכט.

געצוואונגענע ארבייט, די ארבייט פון מורא וועגען, ווען מען
ארבייט, ווייל מען האָט מורא פאר'ן שטעקען, איז זעהר א שלעכ־
טע אונפּרוכטבארע ארבייט. דער ארבייטער וויל דאַן ניט אר־
בייטען מיט חשק, מיט זיין גאנצער ענערגיע, אויף וועלכע ער
איז פעהיג. אזא ארבייט איז געווען ביי די שקלאפען אין די
אלטע צייטען, אויך די ארבייט פון די פויערים ניט לאנג צוריק
אין רוסלאנד, איידער זיי זיינען פריי געוואָרען. עס איז פעסט־
געשטעלט, אז דורכשניטליך גיט דער שקלאף ארויס פון זיך ווע־
ניגער ווי א העלפט פון דער ענערגיע, וויפיעל ער וואָלט געקענט
ארויסגעבען אָהן א שום היזק פאר זיין געזונד. עס איז שוין
לאנג בעקאנט, אז די שקלאפען־הערען פלעגען די געאיילטע אר־
בייט אָבגעבען פרייע ארבייטער און פלעגען עס ניט אָנטרויען צו
זייערע שקלאפען.

לויט דער מיטטיילונג פונ'ם ענגלישען קאָנסול אין פערנאמ־
בוקאָ האָט די ארבייט פון שקלאפען אויף א געוויסע צוקער פארם
געקאָסט 4 מאָל טייערער ווי די ארבייט פון פרייע מענשען. ביי
שקלאפען האָט געקאָסט 4,521 פונט שטערלינג, ביי פרייער אר־
בייט האָט די זעלבע פּראָדוקציאָן געקאָסט 1,080 פונט שטערלינג.

דערמיט ערקלעהרט זיך טיילוויז אויך דאָס, וואָס די אינ־
דוסטריעלע שטאאטען פון נאָרד אמעריקא זיינען געשטאנען פאר
דער אָבשאפונג פון שקלאפעריי. די ענטוויקעלטע אינדוסטריע
האָט זיך גענויטיגט אין פ ר י י ע ר, ניט פערשקלאפטער אר־
בייט. וואָס גרעבער און ווילדער עס זיינען די פאָרמען פון שקלא־
פעריי, אלס נידעריגער איז די אינטענסיווקייט פון דער שקלאפען־
ארבייט.

מאכען מיר בקצור דעם סך־הכל פון אלעס, וואָס מיר האָבען

דאָ געזאָגט אין אונזער קאַפּיטעל וועגען ארבייט, זעהען מיר, אַז די קוואַנטיטעט ארבייט פון אַ געזעלשאַפט איז אבהענגיג

א) פון דער צאָהל פּראָדוקטיווע ארבייטער,
ב) פון דער ארבייט־צייט אין טאָג און יאָהר,
3) פון דער אינטענסיווקייט ביי דער ארבייט.



4טע לעקציע.

# דאס צוזאמענארבייטען און די ארביטס-צוטיילינג

דאָס איינפאַכע און קוואַליפיצירטע צוזאַמען אַרבייטען; די נוצען פון חברותא'דיגער אַרבייט; די אַרבייטס צוטיילונג; די ענטשטעהונג פון אַרבייטס צוטיילונג; געזעלשאַפטליכע און טעכנישע אַרבייטס צוטיילונג; די אַרבייט־צוטיילונג צווישען שטאָדט און דאָרף; די ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס צוטיילונג דורך די אויסגעבעסערטע פערקעהר־מיטלען; די בעדייטונג פון דער טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג. די שלעכטע זייטען פון דער טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג. די מיינונג פון גרויסע שריפטשטעלער איבער ..ר טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג.

ווען מיר האָבען אין פאָריגען קאַפּיטעל בעטראַכט די קוואַנטיטעט אַרבייט און איהרע אייגענשאַפטען, האָבען מיר געהאַט אין זינען אַ געזעלשאַפט, וואָס בעשטעהט פון איינציגע אַרבייטער, וועלכע האָבען קיין שום שייכות ניט צווישען זיך, אַ געזעלשאַפט וואו יעדערער אַרבייט בעזונדער, און די אַרבייטער זיינען ניט פערבונדען צווישען זיך אין דער צייט פון זייער אַרבייט.

מיר ווייסען אָבער, אַז גלייך פון די ערשטע צייטען האָט שוין דער מענש ניט געאַרבייט ביחידות, אַז פון אייביג אָן האָט דער מענש ניט נור געלעבט מיט נאָך מענשען צוזאַמען, נאָר האָט אויך געאַרבייט בחברותא, צוזאַמען מיט אַנדערע, קאָאָפּעראַטיוו. מיר מוזען זיך דעריבער אָבשטעלען אויף די פערשיידענע פאָרמען פון צוזאַמענאַרבייטען און זייער איינפלוס אויף דער פאָלקס ווירטשאַפט.

**אונטער קאָאָפּעראַציאָן, אָדער צוזאַמענאַרבייט פערשטעהען מיר אַ פעראייניגונג פון פערשיידענע מענשען און זייערע קרעפטען פאר געוויסע ווירטשאַפטליכע צוועקען.**

די צוועקען, **פאר וואָס** מענשען אַרבייטען צוזאַמען, ווי אויך דער שטייגער, די אַרט און וויינע **ווי אַזוי** מען אַרבייט צוזאַמען, קענען זיין פערשיידען און דעריבער האָ־

בען מיר אויך פערשיידענע פאָרמען פון צוזאַמענארבייט, וועלכע קענען בכלל איינגעטיילט ווערען אין צוויי הויפּט־פאָרמען : 1) דאָס איינפאַכע צוזאַמענארבייטען און 2) דאָס קוואַליפיצירטע צוזאַמענ־ארבייטען.

אונטער איינפאַכע צוזאַמענארבייט פערשטעהט מען אזוינע סאָרטען אונטערנעהמונגען, וואו יעדער פון די ארבייטער טהוט אין דערזעלבער צייט דיזעלבע ארבייט, ווי דער צווייטער. די בעדייטונג פון אזא צוזאַמענארבייטען פאַר דער פּראָדוקציאָן בע־שטעהט, ערשטענס, אין דעם, וואָס זי מונטערט אויף די אר־בייטער, זי בעשאַפט אַן ענערגישע ארבייטס־לוסטיגע שטימונג. ווען א סך מענשען ארבייטען צוזאַמען פיהלט זיך יעדערער מוטהי־גער, קרעפטיגער און די ארבייט איז ממילא אינטערעסאַנטער און פרוכטבארער. נעהמט די ארבייט פון צוואַנציג מענשען, ווען זיי ארבייטען בעזונדער, אין בעזונדערע צימערען און די ארבייט פון דיזעלביגע צוואַנציג מענשען, ווען זיי ארבייטען אין איין צימער, בחברותא, אין קאָמפּאַניע, און איהר וועט זעהן ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד און די רעזולטאַטען. אין א קאָמפּאַניע איז יעדער אויפגעלייגט און ארבייט גאָר מיט אַן אַנדער חשק, ווי ווען ער ארבייט אליין.

צווייטענס, געהט ביים צוזאַמענארבייטען אוועק ווענינער הוצאות. איין גרויסער צימער פאַר צוואַנציג מענשען איז א סך ביליגער ווי 20 קליינע צימערען פאַר יעדען בעזונדער ארבייטער. אויסערדעם קאָסט ווענינער בעלייכטונג, בעהייצונג און אלע אַנ־דערע מעבעל. ביים צוזאַמענארבייטען געהט אוועק א סך ווע־ניגער רויה־מאַטעריאל. 20 שניידער אין 20 בעזונדערע וואר־שטאַטען וועלען פערוועגדען מעהר טוך פאַר א געוויסע צאָהל קליידער, ווי 20 שניידערס אין איין צימער, וועלכע ארבייטען אין דער זעלבער צייט. דער יתור, די איבעריגע שטיקלעך וועלכע בליי־בען פון שניידען, געהען אין גיוועץ ביי איינצעלנע שניידערס, בעת זיי קענען ווערען פערברויכט דאַן, ווען מען ארבייט צוזאַמען.

דריטענס, קען מען דורך איינפאַכען צוזאַמענארבייטען ענדי־גען א געוויסע ארבייט אין א קורצער צייט און דאָס איז טיילמאָל זעהר וויכטיג. אין שניט צייט, ווען מען מוז די תבואה ארונטער־נעהמען פון פעלד אין אייניגע טעג, איז נויטווענדיג, אז א סך ארבייטער זאָלען ארבייטען צוזאַמען אין איין צייט. עס איז אין

אזא פאַל וויכטיגער, אַז צוואַנציג ארבייטער זאָלען ארבייטען למשל דריי טעג, איידער איין ארבייטער 60 טעג.

פערטענס, זיינען פאַראַן אזוינע פאַלען, ווען דאָס איינפאַכע קאָאָפּעראַטיווע צוזאַמענאַרבייטען שפּאָרט איין אַ סך צייט. דאָס איז דאָרטען, וואו צווישען דעם אָנפאַנג און דעם ענד פון דער ארבייט איז פאַראַן אַ געוויסער מהלך. ביים בויען אַ מויער שטעהט אַ שורה מענשען צווישען דעם פּלאַץ, וואו עס ליגען די ציגעל ביז דעם מויערער. יעדער ציגעל געהט דורך די הענד פון דער גאַנצער שורה. דער ערשטער דערלאַנגט דעם צווייטען, דער צווייטער — דעם דריטען א. א. וו. ביז דער ציגעל קומט צום לעצטען, וועלכער לייגט עס אַוועק אויף זיין בעשטימטען פּלאַץ. דורך אזא שטייגער איז די ארבייט פיעל גיכער, ווי ווען איין מענש וואָלט דארפען אַליין שלעפּען די ציגעל פון זייער פּלאַץ און זיי אריינמויערען.

פינפטענס, דאָס צוזאַמענאַרבייטען גיט די מעגליכקייט, אַז די ערפאַהרונגען, וואָס איינער מאַכט ביי דער ארבייט, זאָלען אויך נוצען די אַנדערע. ווען מען איז צוזאַמען, לערנט איינער פון צווייטען, איינער נעמט איבער די מעטאָדען פון צווייטען און אויף אזא אופן ענטוויקעלט זיך דאָס וויסען.

זעקסטענס, איז דאָס איינפאַכע צוזאַמענאַרבייטען אומפערמיידליך דאָרטען, ווען דער כח פון איין מענשען איז ניט ביכולת צו טהאָן די ארבייט. איין מענש, אַ שטייגער, איז ניט בכח אויפצוהויבען אַ גרויסען שטיין, אָדער ארויסשלעפּען אַ גרויסע נעץ פון וואַסער. יאָ, ווען עס זאָלען אפילו ארבייטען דערביי 20 מענשען איינער נאָך דעם אַנדערען, וועט אויך די ארבייט ניט געטאָן ווערען. דאָ פאָדערט זיך דער כח פון אַ סך מענשען מיט אַמאָל און נאָר דורך אַ קאָאָפּעראַציע, דורך אַ פעראייניגונג פון ארבייטער, דורך אַ צוזאַמענאַרבייטען איז מעגליך אזא סאָרט ארבייט דורכצופיהרען.

אונטער אַ קוואַליפיצירטע צוזאַמענאַרבייטען פערשטעהען מיר די ארבייט־צוטיילונג, אזוינע סאָרטען אונטערנעהמונגען, וואו יעדער ארבייטער ארבייט נאָר אויס איין זאַך פאַר דעם פּראָדוקט אָדער אַ טייל פון דעם פּראָדוקט און דער פּראָדוקט גופא ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אַלעמענס ארבייט צוזאַמען. אַמבעסטען צו זעהן איז דאָס אין אַ וואַרשטאַט, וואו מען ארבייט אויס זייגערס. איין ארבייטער מאַכט די שרייפלעך, דער צווייטער מאַכט

די פּרוזשינעס, דער דריטער פּיילט די רעדלעך פאַר'ן מעכאַניזם, דער פינפטער מאַכט די ווייזערלעך, דער זעקסטער פּאָלירט און דער זיבעטער נעהמט די אַלע זאַכען צוזאַמען און שטעלט צונויף דעם גאַנצען מעכאַניזם. דער זייגער איז דאָ אַלזאָ דער רעזולטאַט פון אַ צוזאַמענאַרבייטען, וואו יעדערער האָט ניט געטאָן די זעל־ביגע אַרבייט. דער זייגער איז אַ צוזאַמענגעזעצטער פּראָדוקט. ער איז אויפגעבויט פון אַ סך בעזונדערע זאַכען. יעדע זאַך איז געטהאָן געוואָרען דורך אַ בעזונדערען מענש.

ביי דעם איינפאַכען צוזאַמענאַרבייטען דאַרפען אַלע אַרביי־טער פערווענדען די גלייכע מאָס אַרבייטס־ענערגיע אין איין און דערזעלבער צייט. אַלע דאַרפען אַרבייטען מיט דיזעלביגע מוס־קולען, מיט דיזעלביגע נערווען און געוועהנליך אויך מיט דער־זעלבער אָנשטרענגונג. ביי דער אַרבייטס־צוטיילונג דאַרפען ניט אַלע אַרבייטער אַרבייטען מיט דעם זעלבען כח און מיט דערזעלבער אָנשטרענגונג. אויך ניט אַלע זיינען מחויב צו אַרבייטען אין דער־זעלבער צייט. יעדערער קען זיך טהאָן זיין אַרבייט בעזונדער. ער קען אָנהויבען פריהער און ענדיגען שפּעטער. ער איז ניט אַזוי פערבונדען מיט זיינע איבעריגע חברים, וועלכע אַרבייטען מיט איהם צוזאַמען. די צושניידער (קאַטערס), למשל, דאַרפען ניט דוקא אַרבייטען אַזויפיעל און אין דערזעלבער צייט, ווי די שטעפּער (אָפּערייטאָרס). די לעצטע ניט ווי די פּעטעלקע־מאַכער (באַטאָנהאָל מייקער) א. א. וו., א. א. וו.

אין אַ געוויסען גראַד געפינען מיר די אַרבייטס־צוטיילונג שוין אין די גאַנץ אַלטע,אור־אַלטע צייטען. דאָס ערקלעהרט זיך טאַקי דערמיט, וואָס ניט אַלע האָבען דעם זעלבען און דיזעלבע מעגליכ־קייט צו טהאָן דיזעלבע אַרבייט. די פרויען קענען ניט אימער טהאָן דאָסזעלבע וואָס די מענער, און די אַלטע און די קינדער ניט דאָסזעלבע, וואָס די יונגע און דערוואַקסענע.

די פרויען צ. ב. האָבען ניט געקענט שטענדיג אַרומוואַנדערען ווי די מענער. אַלס מוטערס פון קינדער זיינען זיי געוויסע ציי־טען פון זייער לעבען (ביים טראָגען און האָבען) געווען צוגע־בונדען צו איין אָרט. אָט די אומשטענדען זיינען אויך געווען די אורזאַכען, וואָס די פרויען אין די גאַנץ אַלטע צייטען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט לאַנדווירטשאַפט און די מענער מיט יאַגד. זייענדיג צוגעבונדען צום אָרט האָבען די פרויען מעהר געקענט אויפפּאַסען אויף די פערזעעטע תבואות ווי די מענער, וועלכע האָ־

בען אַרומגעוואַנדערט אין די וועלדער טאָג און נאַכט כדי צו פאַנ־
גען חיות.

די גרעסטע ענטוויקלונג האָט די אַרבייטס־צוטיילונג עררייכט
אין די לעצטע צייטען נאָכדעם, ווי דער פערקעהר, די וועגען זיינען
אויסגעבעסערט געוואָרען און נאָכדעם, ווי די טעכניק, די איינפיה־
רונג פון דאַמפף־און עלעקטרישע מאַשינען האָט געמאַכט אַ גאַנצע
איבערקעהרעניש אין דעם אינדוסטריעלען לעבען. איצט איז די
אַרבייטס־צוטיילונג דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער ווירטשאַפט.
מיר וועלען קוים געפינען אַ צווייג פון אונזער ווירטשאַפטליכען
לעבען, וואו עס זאָל ניט זיין איינגעפיהרט אַן אַרבייט־צוטיילונג.

עס איז פאַראַן צווייערליי אַרבייט־צוטיילונג:

1) די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג.

2) די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג.

די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג בעשטעהט אין דעם,
וואָס די פערשיידענע זאַכען, וועלכע ווערען פּראָדוצירט פאַר'ן
בעדאַרף, ווערען פּראָדוצירט ניט פון איינע און דיזעלבע מענשען,
נור פון פערשיידענע מענשען, יאָ ,זאָגאַר, פון פערשיידענע גרופּען
מענשען. איין גרופּע בעשעפטיגט זיך מיט אַקערבוי און פּראָדו־
צירט קאָרן, ווייץ, גערסטען פאַר דער געזעלשאַפט; אַ צווייטע
גרופּע בעשעפטיגט זיך, למשל, מיט נעהען קליידער, שטיוועל;
אַ דריטע גראָבט אויס און בעאַרבייט די מעטאַלען; אַ פערטע
פּראָדוצירט אַן אַנדער זאַך א. א. וו.

דאָרטען, וואו עס איז ניטאָ אַזאַ אַרבייט־צוטיילונג, מוז יעדע
גרופּע מענשען שאַפען פאַר זיך אַלץ, וואָס איהר איז נויטיג. זי
מוז אי בעאַרבייטען די ערד, אי נעהען קליידער, אי מאַכען מע־
בעל, אי זיך בויען הייזער א. א. וו. עס פערשטעהט זיך, אַז ביי
אַזאַ מין אַרבייטען קען מען ווייניג וואָס שאַפען. דאָ איז דאָ אַ
סך מלאכות און ווייניג ברכות. ביי דער געזעלשאַפטליכער אַר־
בייט־צוטיילונג בעשעפטיגט זיך יעדע גרופּע בלויז מיט אַ געווי־
סען חלק פון דער פּראָדוקציע. די אַרבייט איז דאַן פרוכטבאַרער
און נוצליכער.

ווי מיר האָבען דאָ געזעהען איז שוין אַ געזעלשאַפטליכע
אַרבייט־צוטיילונג געווען אין די אַלטע צייטען אַ דאַנק די פיזי־
אָלאָגישע אייגענשאַפטען פון די פרויען, וועלכע האָבען ניט גע־
קענט טהאָן אימער דיזעלבע אַרבייט ווי די מענער. שפּעטער
האָט זיך די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג איינגעפאַך אַרויס־

געוויזען עקאָנאָמישער. ווען די גרופע מענשען, וועלכע האָט גע־לעבט צוזאַמען איז געוואַקסען, האָבען זיך אין דער גרופע אָנגע־פאַנגען צו ספּעציאַליזירען פערשיידענע בעלי מלאכות: שמידען, סטאָליאַרעס, שניידער, שוסטער א. א. וו. שפּעטער, ווען פער־שיידענע שבטים האָבען אָנגעפאַנגען אויסצובייטען זייערע פּראָ־דוקטען, איז די געזעלשאַפטליכע ארבייטס־צוטיילונג געגאַנגען נאָך ווייטער. ווען א געוויסער שבט האָט געזעהן, אז זיין לאַנד איז בעסער פאַר פיהצוכט, האָט ער זיך ספּעציעל אָבגעגעבען דערמיט און האָט מיט אַקערבוי זיך ניט בעשעפטיגט. ער האָט בעסער שפּעטער אויסגעביטען בהמות אויף תבואות. דאָסזעלבע האָבען געטהאָן די שבטים, ביי וועמען די אויסערליכע סביבה איז געווען גינסטיגער פאַר געוויסע מלאכות און פאַר פאַרמעריי. די יעניגע שבטים, וועלכע האָבען געוואוינט ביי די טייכען, האָבען זיך ספּע־ציעל בעשעפטיגט מיט'ן פיש־פאַנג. די איבעריגע נויטיגע פּראָ־דוקטען האָבען זיי געקראָגען פאַר די פיש, וואָס זיי האָבען פער־קויפט.

יעדער אָרט האָט זיך זיינע ספּעציעלע בעדינגונגען און די בעפעלקערונג האָט זיך בעשעפטיגט מיט אזוינע סאָרטען ארבייט, וועלכע זיינען געווען אין הסכם מיט די אָרטיגע בעדינגונגען און שפּעטער האָט מען די פּראָדוקטען צווישען זיך אויסגעביטען. צווישען שטאָדט און דאָרף איז אימער געווען א געזעלשאַפטליכע ארבייט־צוטיילונג. די שטאָדט האָט אין זיך קאָנצענטרירט דעם האַנדעל און די מלאכה, בעת דאָס דאָרף האָט זיך אָבגעגעבען צו פּראָדוצירען די נויטוועגדיגסטע לעבענס־מיטלען: ברויט, פלייש, מילך און אנדערע עהנליכע פּראָדוקטען. וואָס מעהר דער פער־קעהר האָט זיך ענטוויקעלט, וואָס מעהר מענשען פון פערשיי־דענע געגענדען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו בעגעגענען, אלס מעהר האָט זיך יעדער אָרט אָבגעגעבען מיט ספּעציעלע חלקים פון דער אלגעמיינער פּראָדוקציע און אלס מעהר האָט זיך ענטוויקעלט די ארבייט־צוטיילונג.

ביי דעם איצטיגען צושטאַנד פון די פערקעהר־מיטלען; ביי די איצטיגע ענטוויקעלטע שיפען און אייזענבאַהנען קומט פאָר אַן ארבייט־צוטיילונג ניט נאָר צווישען פערשיידענע ערטער פון איין שטאַאַט, נאָר צווישען פערשיידענע שטאַאַטען. איין שטאַאַט פּראָדוצירט סחורות פאַר אַן אנדער שטאַט און יענער שטאַאַט פאַר דעם ערשטען.

ביי א געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג שאַפט יעדע גרופּע, יעדער שבט, יעדער דיסטריקט, אָדער יעדער שטאַט גאַנצע, פאַרטיגע פּראָדוקטען און אַט די פאַרטיגע פּראָדוקטען ווערען שפּעטער צווישען זיך אויסגעטוישט דורך׳ן פערקויף און איינקויף. די, וועלכע בעטייליגען זיך אין דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט־צוטיילונג, זיינען פרייע מענשען, אַלע זיינען גלייכבערעכטיגט צווישען זיך. דער טויש מיט די פּראָדוקטען קומט פאָר אויף פרייע יסודות. קיינער נויט ניט און קיינער צווינגט ניט. אויסער דעם ווערט די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג ניט רעגולירט דורך א געוויסען ווילען, דורך א געוויסען אָרגאַניזאַטאָר, נור דורך געוויסע געזעצען פון מאַרק. ווען אַרגענטיניען, צום ביישפּיעל, פּראָדוצירט תבואה פאַר דייטשלאַנד, און דייטשלאַנד פּראָדוצירט מאַשינעס פאַר רוסלאַנד, טאָ איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל אימיצער אָרגאַניזירט דאָס, נור דאָס איז דערפאַר, ווייל די בעדינגונגען פון׳ם אינטערנאַציאָנאַלען, אַלוועלטליכען מאַרק, ווי די ספּעציעלע נאַטור־בעדינגונגען, פאָדערען אַז אַזוי זאָל זיין. ביי דער טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג איז דאָס ניט אַזוי, ווי מיר וועלען זעהן ווייטער.

די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג בעשטעהט דערין, וואָס די זאַכען גופא ווערען פּראָדוצירט פון פערשיידענע מענשען. יעדער איינער אַרבייט נור אויס א טייל פון דער זאַך, טהוט נאָר א טייל פון דעם פּראָדוקט. אין איין און דערזעלבער אונטערנעהמונג אַרבייטען די אַרבייטער אויס בלויז פערשיידענע חלקים פון דער זאַך. דעם ביישפּיעל, וואָס מיר האָבען אויבען געבראַכט פון דער זייגער אינדוסטרי, איז א גוטע אילוסטראַציע פאַר דער אַרבייט־צוטיילונג. די אַרבייט־צוטיילונג געהט אָבער נאָך ווייטער. ביי די זייגערס טהוט לכל הפחות יעדערער א גאַנצע אַרבייט, ער אַרבייט אויס א גאַנצען חלק פון דעם פּראָדוקט. אין די איצטיגע גרויס ענטוויקעלטע אינדוסטריען ווערט אפילו יעדער חלק אויך אויסגעאַרבייט פון פערשיידענע מענשען. די יעניגע, וועלכע האָבען בעזוכט די שיך־אינדוסטריען פון מאַסאַטשוזעטס (אַמעריקא), די סטאַק־יאַרדס פון שיקאַגאָ, די אייזען פאַבריקען פון פּיטסבורג, וועלען ערשט קענען האָבען א בעגריף, ווי ווייט די אַרבייט איז צוטיילט צווישען פערשייעדענע מענשען. יעדער איינציגער טהוט א הונדערטעל אין אפשר נאָך א קלענערען חלק פון דעם פּראָדוקט.

די בעדייטונג פון דער טעכנישער ארבייט־צוטיילונג בע־שטעהט:

1) אין דעם, וואָס זי ענטוויקעלט מעהר געשיקטקייט צו א געוויסען סאָרט ארבייט. דער וואָס טהוט שטענדיג פערשיי־דענע סאָרטען ארבייט, קען ניט מאכען אזוי געשווינד און אזוי געשיקט, ווי דער וועלכער טהוט זיין גאנצען לעבען נאָר איין סאָרט ארבייט.

2) ביי דער טעכנישער ארבייט־צוטיילונג געהט אוועק וועניגער צייט אויף דעם איבערגאנג פון איין ארבייט צו דער צווייטער. ווען א זייגער מאכער וואָלט מאכען אלע טיילען פון זייגער, וואָלט איהם אוועקגעהן צייט איידער ער לעגט אוועק, א שטייגער, די ארבייט פון די רעדלעך און ביז וואנעט ער נעמט זיך פאר די ווייזערס. עס דויערט צייט דאָס בייטען פון די אינסטרומענטען. ווען די רעדלעך ווערען געמאכט פון איינעם און די ווייזערס פון אנאנדערען ווערט די צייט איינגעשפּאָרט.

3) די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג גיט די מעגליכקייט צו פערפאָלקאָמען און צו ספּעציאליזירען די אינסטרומענטען. א שוסטער, ווען ער ארבייט אויס א גאנצען שוך, קען נאָר האָבען איינעם אָדער צוויי האמערס פאר זיין ארבייט. מיט איין האמער טהוט ער פערשיידענע ארבייטען. אין א גרויסע שוך פאבריק זיינען פאראן אפשר 50 האמערס פאר יעדער שוך. פאר יעדער ספּעציעלער ארבייט, א ספּעציעלער אינסטרומענט. דאָס מאכט, זעלבסטפערשטענדליך, די ארבייט פּראָדוקטיווער און פאָלקאָמענער. מארקס ברייגנט פאָלגענדען פאקט: אין ד' יאָ60־ער יאָה־רען פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָט מען אין א פאבריק אין בירמינגהעם אויסגעארבייט איבער 500 פערשיידענע האמערס. איצט איז די פערפאָלקאָמונג פון די אינסטרומענטען געגאנגען, זעלבסט־פערשטענדליך, נאָך ווייטער.

4) די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג מאכט לייכטער די אויס־בעסערונג פון די געצייג. ווען איין מענש ארבייט יאָהרען לאנג מיט איין אינסטרומענט פאסט ער איהם אָלס בעסער צו צו דער ארבייט. און פאקטיש זעהען מיר טאקע, אז פיעלע ערפינדונגען און אויסבעסערונגען פון די אינסטרומענטען זיינען ענטדעקט געוואָרען פון פשוט'ע ארבייטער.

5) די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג מאכט די ארבייט איינפאכער, פּראָסטער און עס דאַרף ניט אוועקגעהן פיעל צייט אויס'ן

לערנען זיך די אַרבייט. אין די אָבגעשטאַנענע לענדער, וואו די אַרבייט איז ניט צוטיילט און דער אַרבייטער דאַרף מאַכען דעם גאַנצען פּראָדוקט, מוז מען זיין אַ גאַנצער בעל מלאכה. מען מוז זיך אַ סך לערנען, און ניט אַלע זיינען פעהיג דערצו. אין אַמע־ריקאַ, וואו די אַרבייט איז זעהר צוטיילט, דאַרף מען זיך ניט פיעל לערנען אום אָנצוקומען אין אַ פאַבריק. אַלע ווייסען, אַז אום צו ווערען דאָ אַ שניידער דאַרף מען ניט זיין אַזאַ גרויסער למדן אין שניידעריי. מען לערנט זיך אויס איין טייל אַרבייט, ווי צו שניידען, פּרעסען, פעטעלקעס נעהען און מען קען שוין ווערען זאָגאַר אַ מיטגליעד פון דער מאַנטעל־מאַכער (קלאָוק־מאַכער) יוניאָן.

6) די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג מאַכט מעגליך קינדער און פרויען אַרבייט. די אַרבייט איז אַזוי פּשוט, אַז יעדעס קינד, יעדער אַלטער מאַן און יעדע פרוי קען געפינען אַ בעשעפטיגונג פאַר זיך. די קינדער־און פרויען־אַרבייט איז טאַקי אַ רעזולטאַט פון דער אַרבייט־צוטיילונג. דאָרטען, וואו עס הערשט מלאכה, איז אונמעגליך אַז אַזויפיעל קינדער און פרויען זאָלען קענען נעה־מען אַן אַנטייל אין דער פּראָדוקציע.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז יעדע אַרבייט־צוטיילונג האָט אויך אַלע מעלות פון דעם איינפאַכען צוזאַמענאַרבייטען.

איצט וועט אונז שוין ווערען קלאָרער דער אונטערשייד צווי־שען דער געזעלשאַפטליכער און טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג.

ביי דער טעכנישער אַרבייט־צוטיילונג איז דער אַרבייטער ניט פריי, ווי ביי דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט־צוטיילונג. דאָ איז דער אַרבייטער מחויב זיך אונטערצוואַרפען דעם ווילען, דעם פערלאַנג פון אַ מענש, וועמען ער קען קיין דעה ניט זאָגען. דיזער זייטיגער מענש, דער אונטערנעהמער אָדער זיינע משרתים, בע־שאַפט די תקנות און ער, דער אַרבייטער, איז מחויב זיי צו פאָל־גען. די לאַגע פון'ם אַרבייטער, וועלכער פערקויפט די אַרבייטס־קראַפט, איז ווייט ניט גלייך צו דער לאַגע פון'ם אונטערנעהמער, וועלכער קויפט די אַרבייטס קראַפט. מיר האָבען דאָ בכן צו טהאָן מיט מענשען, וואו איינע זיינען שטאַרקער און די אַנדערע שוואַכער אין עקאָנאָמישען זין. ביי דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט־צוטיילונג זיינען אַלע אַנטיילנעהמער עקאָנאָמיש גלייך.

אויסער דעם ווערט די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג אָרגאַני־זירט פון אַ מענש, פון'ם אונטערנעהמער, בעת די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג ווערט רעגולירט, ווי שוין אויבען געזאָגט, דורך

די בלינדע, אונבעוואוסטע געזעצען פון מארק, דורך די געזעצען פון אָנגעבאָט און נאָכפראגע.

---

מיר האָבען דאָ גערעדט פון דער בעדייטונג, וואָס די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג האָט פאר דער פּראָדוקציע. איז זי אָבער אַלע מאָל א מזל ברכה פאר די מענשען? פאר'ן גאנצען פאָלק? גע־ווים ניט!

שוין דער פאקט, וואָס די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג האָט געמאכט מעגליך קינדער און פרויען ארבייט, וואָס איז געווים אַן אונגליק פאר'ן ארבייטער קלאַס און ממילא פאר דער גאנצער נאציע, בעווייזט, אַז די ארבייט־צוטיילונג איז א שטעקען מיט צוויי עקען. אַז אויסער דעם נוצען ברענגט זי ניט ווייניג שאָדען דער געזעלשאפט.

פרויען און קינדער ארבייט, אויסער דעם, וואָס זי ווירקט פּ י ז י ש זעהר שלעכט אויף דער געזעלשאפט, פערגרעסערט זי די צאָהל ארבייטער אויפ'ן מארק. דער אָנבאָט פון ארבייט־קראפט ווערט שטארקער. די קאָנקורענץ צווישען די ארבייטער ווערט גרעסער און די שכירות ווערען ממילא קלענער.

די טעכנישע ארבייט־צוטיילונג ווירקט דירעקט זעהר שלעכט פיזיש און גייסטיג אויף די ארבייטער גופא.

ווען דער ארבייטער ארבייט אייביג מיט דיזעלביגע מוסקולען, מיט דיזעלביגע נערוועז; ווען די ארבייט־קראפט ווערט ניט אויס־געלאָזען פון גאנצען קערפּער רעגעלמעסיג, נאָר פון אייניגע אָרגאנען צופיעל און פון אנדערע צו־ווייניג, דאַן ווערט דער אר־בייטער א קריפּעל. די ענטוויקלונג פון זיין קערפּער געהט ניט רעגעלמעסיג. אייניגע אָרגאנען ווערען צופיעל איבערגעארבייט, בעת די אנדערע ווערען אָבגעשוואכט, ווייל זיי ווערען גאָר ניט בענוצט. אין די אינדוסטריען, וואו די ארבייט איז זעהר שטארק צוטיילט, געפינען מיר דעריבער א גוואלדיג גרויסע צאָהל קראנ־קע, שוואכע, ניט פּראָפּאָרציאָנעל ענטוויקעלטע מענשען.

נאָך מעהר ווי פיזיש ליידט דער ארבייטער גייסטיג פון דער טעכנישער ארבייט־צוטיילונג. ארבייטענדיג אימער מיט דעם זעלבען אינסטרומענט, ווערט ער אַליין פערוואנדעלט אין א ווערק־צייג, וואָס הערט אויף צו דענקען און צו טראַכטען. ווען ער דארף אייביג טאָן איין ארבייט, הערט ער אויף צו ארבייטען מיט'ן שכל; ער ווערט פּשוט א ווערקצייג, וואָס מאכט געוויסע מ ע כ א־נ י ש ע בעוועגונגען.

ווען דער אַרבייטער דאַרף מאַכען אַ גאַנצע זאַך, אַרבייט ער דאַן מיט אַלע אברים, מיט אַלע אָרגאַנען מעהר אָדער וועניגער גלייך; איהם קומט דאַן אויס מעהר צו טראַכטען, מעהר צו אַר־בייטען מיט'ן מח און זיין גאַנצע קערפּערליכע און גייסטיגע ענט־וויקלונג געהט נאָרמאַלער, רעגעלמעסיגער. דערמיט ערקלעהרט זיך טיילווייז, וואָס די בעלי מלאכות פון די קליינע שטעדטלעך זיינען געזינדער און גייסטיג פעהיגער, ווי די אַרבייטער פון די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, וואו די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג האָט דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון ענטוויקלונג

פיעלע גרויסע שריפטשטעלער, פובליציסטען און סאָציאָלאָ־גען זיינען דעריבער שטאַרק אַרויסגעטראָטען קעגען דער אָנקומענ־דער אינדוסטריע, וואָס ברענגט מיט זיך די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג. ניט קיין קלענערע ווי לעוו טאָלסטאָי, מיכאַילאָווסקי, גליעב־אוספּענסקי און אנד. האָבען אָנגעוויזען אויף די שעדליכע ווירקונג, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג האָט אויף דער געזעלשאַפט מיט איהר טבע צו ספּעציאַליזירען מענשען צו אַן איינ־זייטיגער אַרבייט.

אָבער וואָס זאָל מען טהאָן? זאָל מען זיך צוריקקעהרען צו די אַלטע צייטען, ווען די מאַשין האָט נאָך ניט רעגירט אין אונ־זער לעבען? מאַנכע ענטפערען: „יאָ“.

מיר האָבען ניט אַזאַ מיינונג. אויסער דעם, וואָס עס איז בכלל אונמעגליך מיר זאָלען פערניכטען אַלע אונזערע טעכנישע פערבעסערונגען, איז עס אויך ניט ווינשענסווערטה.

די ענטוויקלונג פון דער טעכניק, און טאַקע אויך די אַרבייט־צוטיילונג, ברענגט בכלל אַ גרויסען נוצען דער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע גיט אויס דורך דעם פיעל וועניגער אַרבייט־קראַפט. די גאַנצע צרה איז נאָר, וואָס דעם נוצען פון דער ענטוויקעלטער טעכניק קריגט בלויז איין טייל פון אונזער געזעלשאַפט. אין דער צוקונפט, ווען עס וועלען ניט זיין קיין ליידיגגעהער, ווען אַ ל ע וועלען דאַרפען אַרבייטען און אַלע וועלען קענען געניסען, וועט די טעכנישע אַרבייט־צוטיילונג ניט ווירקען שלעכט. די מענשען וועלען דאַן דאַרפען אַרבייטען אַ קליינע צאָהל שטונדען און די איבעריגע צייט וועלען זיי קענען אויסנוצען פאַר זייער פולער קערפּערליכער און גייסטיגער ענט־וויקלונג.

ניט צו דער אַלטער אָבגעלעבטער צייט, ווען קיין אַרבייט־

צוטיילונג איז נאָך ניט געווען, דאַרפן מיר שטרעבן, נאָר צו דער נייער צוקונפט, ווען די אַרבייט־צוטיילונג ווי די גאַנצע ענט־וויקעלטע טעכניק וועט נוצען ניט איין קלאַס, ניט איין טייל פון דער געזעלשאַפט, נאָר דער גאַנצער געזעלשאַפט.



## פינפטע לעקציע

# ג) קאפיטאל

בעגריף וועגען קאפיטאל; די בעשטימונג פון קאפיטאל ביי די עקאנאָ־מיסטען און ביי קארל מארקס; געלד אלס דער טיפישער פערטרעטער פון קאפיטאל אין היינטיגע צייטען; שטענדיג קאפיטאל און פערענדערליך קאפיטאל; די ענטשטעהונג פון קאפיטאל; קאפיטאליסטישע פראָדוק־ציען; די ראָליע פון קאפיטאל אין דער געשיכטע.

---

אויבען האָבען מיר שוין בעמערקט, אז די מענשליכע ארבייט קען ווענינ וואָס אויפטהאָן אָהן אינסטרומענטען און געצייג. מיט הוילע הענד קען מען גאנץ ווענינ בעקומען פון דער ניט נאָכגעב־ביגער נאַטור. שוין אין די גאָר אלטע צייטען האָט דער מענש בענוצט אין זיין קאמפף פאר'ן לעבען געוויסע כלי זיין, געצייג. איינע פון די הויפט אורזאכען, דורך וועלכע דער אור־אלטער מענש האָט זיך אויסגעצייכענט פון זיינע טיערישע קרובים, איז געווען די אָנווענדונג פון קינסטליכע געצייג, אנשטאָט קער־פערליכע, אין זיין קאמפף מיט דער נאַטור.

וואָס ווייטער אלס מעהר האָבען זיך ענטוויקעלט די קינסט־ליכע געצייג, די אינסטרומענטען, א דאנק וועלכע די ארבייט פון מענשען איז געוואָרען פרוכטבאר. דער אמאָליגער ווילדער יעגער וואָלט פאר קיין פאל ניט געקענט בעקומען א חיה, ווען ער וואָלט ניט געהאט א פייל און בויגען. דער פישער האָט געמוזט האָבען אן אנגעל. און אז אין היינטיגע צייטען ווערט די גאנצע פראָ־דוקציע געפיהרט דורך מאשינען און אנדערע אינסטרומענטען — איז איבעריג צו ריידען.

אויסער די אינסטרומענטען, געצייג און מאשינען, מיט וועל־כע מען ארבייט, מוז אויך זיין וואָס צו בעארבייטען. עס מוז זיין רויהע מאטעריאל, פון וואָס מען זאָל קענען אויסארביי־טען פראָדוקטען פאר'ן געברויך. מען מוז, אויך האָבען געביידען, פאבריקען, סקלאדען, וואו צו ארבייטען און וואו צו האלטען די סחורות. און ואחרי ככלות הכל איז טאקי אויך נויטיג געלד, פשוט'ע מזומנים אין יעדער אונטערנעהמונג. אָט די דאָזיגע פראָ־דוקציאָן־מיטלען ווערען ביי די עקאנאָמיסטען אָנגערופען מיט'ן אלגעמיינעם נאָמען: „קאפיטאל".

דאָס קאפיטאל איז ניט געגעבען געוואָרען פארטיג פון דער

נאַטור. עס איז בעשאַפֿען געוואָרען דורך מענשליכע אַרבייט. געלד, אינסטרומענטען, געביידעס, מאַשינען — זיינען ניט אַנדערש ווי פֿערגליווערטער כח, פֿערגליווערטע אַרבייט־קראַפֿט און עס איז דעריבער זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז די ערשטע פֿראַגע, וואָס מיר דאַרפֿען זיך שטעלען, ווען אונז קומט אויס צו בעשטימען, אויב די אָדער יענע זאַך איז קאַפּיטאַל אָדער ניט — איז: צי איז די זאַך געגעבען געוואָרען פֿון דער נאַטור פֿריי, אָדער זי ענטהאַלט אין זיך מענשליכע אַרבייט.

ליכט, לופֿט, וואַסער (אויב זיי זיינען ניט פֿערכאַפּט פֿון פּריוואַט מענשען) זיינען מתנות פֿון דער נאַטור, אָבער זיי זיינען ניט קיין קאַפּיטאַל. עלעקטרישע מאַשינען צו געבען ליכט, אַ בלאָזזאַק פֿון אַ שמיעד, אָנגעטראָגענע וואַסער פֿאַר געוויסע צוועקען זיינען יאָ קאַפּיטאַל, ווייל זיי ענטהאַלטען אין זיך מענשליכע אַרבייט. אַ ווילדער וואַלד, וועלכער וואַקסט פֿון זיך אָהן מענשליכער אַרבייט — איז ניט קיין קאַפּיטאַל; אַ פֿערזעעטער וואַלד — איז יאָ קאַפּיטאַל.

קאַפּיטאַל מוז, אַלזאָ, זיין אַ רעזולטאַט פֿון דער מענשליכער אַרבייט. אָבער ניט אַלע נוצליכע זאַכען, וועלכע זיינען בעשאַפֿען געוואָרען דורך מענשליכער אַרבייט זיינען קאַפּיטאַל. אַן אַנצוג, וואָס איינער טראָגט, דאָס ברויט, וואָס מען קויפֿט פֿאַר'ן אייגענעם געברויך, די דירה, וואו מען וואוינט רעכנען זיך ניט פֿאַר קאַפּיטאַל. צום קאַפּיטאַל געהערען אַזוינע זאַכען, וועלכע ווערען ניט פֿערווענדעט צום אייגענעם אונמיטעלבאַרען געברויך, נאָר וועלכע ווערען בענוצט כדי צו פּראָדוצירען דורך זיי אַנדערע זאַכען. נאָר זאַכען, וועלכע ווערען בענוצט פֿאַר דער פּראָדוקציע — ווערען אָנגערופֿען קאַפּיטאַל. דער טיש, אויף וועלכען מיר עסען; די דירה, וואו מיר וואוינען; די קליידער, וואָס מיר טראָגען — וועלען ניט זיין קיין קאַפּיטאַל. דער טיש אין אַ מעבעלגעשעפֿט; די דירות, וועלכע ווערען פֿערדונגען צו בעקומען דירה געלד; די בגדים, וואָס ווערען געמאַכט אָדער געהאַלטען צו פֿערקויפֿען — געהערען יאָ צו קאַפּיטאַל, ווייל זיי ווערען ניט פֿערווענדעט צום אייגענעם געברויך.

אום אַ זאַך זאָל הייסען קאַפּיטאַל מוז זי, בכן, זיין:

1) אַ רעזולטאַט פֿון מענשליכער אַרבייט און

2) מוז זי ווערען פֿערווענדעט פֿאַר דער ווייטירדיגער פּראָדוקציע.

ווילען מיר דאָס מאכען בקיצור מוזען מיר זאָגען אזוי:

אלץ וואָס איז א רעזולטאט פון מענשליכער ארבייט און ווערט בע־נוצט פאר דער פראָדוקציע פון נייע זאכען — ווערט אָנגערופען קאפיטאל.

מארקס קריטיקירט אָט די בעגריפען וועגען קאפיטאל. לויט מארקס'ן איז קאפיטאל מעהר א היסטאָרישער בעגריף און איז פערבונדען מיט א געוויסער היסטאָרישער עפּאָכע — מיט דער היינטיגער צייט.

אין היינטיגער צייט צייכענט זיך די פּראָדוקציע אויס דערמיט, וואָס זישאפט ניט פּראָדוקטען פאר'ן אייגענעם געברויך, נאָר מיט דעם צוועק צו בעקומען פּראָפיט. ווען אן אונטערנעהמער קויפט הייזער, אינסטרומענטען, רויהע מאטעריאל, ארבייט־קראפט און מאכט א פאבריק, טאָ האָט ער כלל ניט אין זינען זיין אייגענעם געברויך. היינט שאפט מען איבערהויפּט ניט קיין פּראָדוקטען פאר זיך אליין. מען שאפט פאר'ן מארק, פאר'ן פערקויף. דער צוועק פון דער דאָזיגער פּראָדוקציע איז פּראָפיט, ריוח. צו בע־קומען מעהר, וויפיעל מען האָט אריינגעלייגט.

אמאָליגע צייטען האָט מען ניט געשאפען צוליעב פּראָפיט, נאָר פאר'ן אייגענעם געברויך. אפילו ווען מען האָט געשאפען פּראָדוקטען, וועלכע מען האָט ניט נויטיג געהאט פאר'ן אייגענעם געברויך, טאָ האָט דער פּראָדוצירער בשעת מעשה זיך געטראכט, אז פאר די פּראָדוקטען, וועלכע זיינען איהם פערזענליך אָדער זיין פאמיליע ניט נויטיג, וועט ער קענען קריגען אנדערע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען איהם נויטיג פאר זיין אייגענעם בעדארף.

ווען א פּארמער פון די אלטע צייטען האָט, למשל, פּראָדו־צירט מעהר ווייץ, וויפיעל איהם איז נויטיג געווען, טאָ האָט ער ניט געוואָלט דערביי מאכען ריוחים. ער האָט זיך בשעת מעשה גערעכענט, אז פאר די איבעריגע תבואות, וועלכע ער קען ניט פערברויכען, וועט ער קריגען, א שטייגער, בהמות פון א פּאס־טוך, וועלכער קען מיט פּארמעריי זיך ניט בעשעפטיגען, און, מוז זיך אָבגעבען מיט פיהצוכט.

אויב ראובן האָט זיך אָבגעגעבען צו דער פּראָדוקציע פון תבואות און שמעון צו פיטערען בהמות, האָבען זיי דאָס ביידע געטהאָן צוליעב ריינע אויסערליכע בעדינגונגען, דערפאר, וויל ראובן'ס באָדען איז געווען בעסער פאר פּארמעריי און שמעון'ס

פאר פיהצוכט. אי שמעון, אי ראובן זיינען ניט אויסען געווען צו בעקומען מעהר, וויפיעל זיי איז נויטיג געווען פאר די בעדערפ־נישען פון זייער פאמיליע. די אויפגאבע פון דער אלטמאדישער פראדוקציע איז, אלזא, געווען — צו קריגען פראדוקטען פאר'ן איינענעם געברויך. היינט איז גאנץ אנדערש. היינט שאפט מען פראדוקטען בלויז מיט דעם צוועק צו בעקומען פראַ־פיט. ווען איינער לעגט אריין געלד אין א געשעפט, למשל, 1000 דאלאר, טא טהוט ער דאס, ווייל ער וויל שפעטער בעקומען מעהר ווי 1000 דאלאר — דעם קרן מיט א ריוח. די היינטיגע קאפי־טאליסטישע פראדוקציע איז דא, בכן, לשם פראפיט. און ווען מיר ווילען זיך קלאהר מאכען, וואס מען פערשטעהט אונטערען ווארט קאפיטאל אין היינטיגע צייטען, מי־זען מיר צולייגען די ווערטער: „פאר פראפיט".

אין היינטיגער צייט רופט מען קאפיטאל אלץ, וואס איז א רעזולטאט פון מענשליכער ארבייט און ווערט בענוצט מיט דעם צוועק צו בעקומען פראפיט, ד. ה. מעהר, וויפיעל דער קרן.

לויט דיזער בעשטימונג וועט געלד, וואס איינער האלט אום צו בעצאהלען פאר זיך דירה געלד, אדער צו קויפען אן אנצוג פאר זיך צו טראגען, ניט הייסען קיין קאפיטאל. דאס געלד אבער, מיט וואס איינער קויפט א הויז, אום צו בעקומען דורך דעם פראַ־פיט; דאס געלד, מיט וואס איינער קויפט מלבושים, כדי זיי צו פערקויפען און צו בעקומען מעהר וויפיעל עס קאסט — וועט יא הייסען קאפיטאל.

אין היינטיגער צייט איז געלד דער טיפישער פערטרעטער פון קאפיטאל, ווייל איצט ווערט געלד פערווענדט אין געשעפט כדי צו קריגען מעהר, וויפיעל מען האט אריינגעלייגט. אין די אלטע צייטען איז דאס ניט געווען אזוי. דעמאלט איז געלד גע־ווען בלויז א מיטעל צום טויש.*)

אין די אלטע צייטען פלעגט מען שאפען פראדוקטען, זיי אויסבייטען אויף געלד און מיט דעם געלד קויפען אנדערע פראַ־דוקטען. ווייל מען דעם אמאליגען סדר פון האנדעל פארשטעלען אין ראשי תיבות, בעקומט מען פאלגענדע פארמולע: ס—ג—ס (סחורה—געלד—סחורה). געלד איז דא דער פערמיטלער צווי־שען די סחורות. היינט איז גאנץ אנדערש. היינט קויפט מען

*) זעה ווייטער דאס קאפיטעל: „געלד".

מיט געלד סחורה, כדי די סחורה צו פערקויפען פאר מעהר געלד — פאר'ן קרן מיט'ן ריוח. אין ראשי תיבות וועט עס הייסען: ג—ס—ג+ג (געלד—סחורה—געלד+מיט נאך געלד). מען גיט אויס געלד ניט אבי צו קריגען א פראָדוקט פאר'ן אייגענעם גע־ברויך, נאָר כדי צו קריגען שפּעטער מעהר געלד. געלד איז דאָ, בכן, דער טיפּישער פערטרעטער פון קאפּיטאל, וואס ווערט פער־ווענדט אין דער פּראָדוקציע פאר פּראָפיט.

עס זיינען פאראן זאכען, וועלכע קענען גערעכענט ווערען פאר קאפּיטאל און קענען ניט גערעכענט ווערען פאר קאפּיטאל. דאָס הייננט אָב פון וועלכען שטאנדפּונקט מיר קוקען דערויף, פון יחיד'ס שטאנדפּונקט, אָדער פון כלל'ס שטאנדפּונקט. ביבליאָטע־קען, טעאטערס, צירקען, באָד־הייזער א. א. וו. זיינען ניט קיין פּראָדוקציאָנס מיטלען, נאָר געברויך'ס מיטלען, זיי האָבען דעם צוועק צו בעפרידיגען די אונמיטעלבארע בעדערפניסען. פון דיזען שטאנדפּונקט זיינען זיי אלזאָ ניט קיין קאפּיטאל. ווען איינער האָט אָבער דיזע זאכען געבויט ניט לטובת הכלל, נאָר איינפאך אלס א מיטעל צו האָבען דורך זיי א געוויסע הכנסה, א פּראָפיט — דאן זיינען זיי אָט פון דעם שטאנדפּונקט פון זייער אייגענטימער יאָ קאפּיטאל.

די הויפּט זאך, וואס מיר ווילען דאָ זאָגען איז, אז א זאך אן און פאר זיך איז ניט אלע מאל אָדער יאָ קאפּיטאל, אָדער ניט קאפּיטאל. עס ווענדט זיך אלץ פון געוויסע היסטארישע און יורידישע בעדינגונגען.

נאך אָט די אלגעמיינע כללים וועגען דעם, וואס עס הייסט קאפּיטאל, וועלען מיר אויסרעכענען די פּרטים, וועלכע בילדען דאָס קאפּיטאל אין אונזער צייט.

1) ר ו י ה ע מ א ט ע ר י א ל ע ן. יעדער וועבער מוז קודם כל האָבען פלאקס, וואָל אָדער באוועל, וואס צו וועבען; יעדער שמיד מוז האָבען אייזען; יעדער בוימייסטער מוז האָבען האָלץ; יעדער שוסטער — לעדער א. א. וו. אָט די אלע זאכען בעקומט מען ניט פון דער נאטור פארטיגערהייט. עס קאָסט אר־בייט איידער מען קען פון זיי מאכען נייע פּראָדוקטען. דאָס האָלץ האָט מען פריהער געהאקט, געזעגט, געשניטען; פלאקס — געזעעט, געריסען, געטריקענט; לעדער — געגארבט און געוואַלקט. זיי ענטהאלטען אלזאָ מענשליכע ארבייט און ווערען בענוצט פאר דער ווייטערדיגער פּראָדוקציע — זיי זיינען קאפּיטאל.

2) אינסטרומענטען, מאַשינען פאַר דער לאַנד־ווירטשאַפט און פאַר דער אינדוסטריע. זיי זיינען אַלע בעשאַפען געוואָרען דורך מענשליכער ארבייט און ווערען פערוועגדט פאַר דער ווייטערדיגער פּראָדוקציע, — זיי זיינען קאַ־פּיטאַל.

3) בהמות. זיי ווערען אמת ניט בעשאַפען דורך מענשליכער אַרבייט, אָבער דאָס אויפפּאַסען אויף זיי און זייער נאַהרונג קאָסט ניט וועניג ארבייט. בהמות ווערען אויך געברויכט פאַר ווייטערדיגער פּראָדוקציע — זיי געהערען צום קאַפּיטאַל.

4) די אַלע פערבעסערונגען, וועלכע ווערען געמאַכט הן אין דער לאַנדווירטשאַפט, הן אין דער אינדוסטריע. די בעוואַסערונג פון אַ פאַרם, קאַנאַלען, טונעלען, שליוזען, מים־טיגונגען פון פעלדער — דאָס אַלעס ווערט געמאַכט כדי צו פערגרעסערען די פּראָדוקציאָן, און זיי הייסען קאַפּיטאַל.

געביידען, וועלכע דיענען אַלס ערטער צו אַרבייטען (פאַבריקען) און אַלס קראָמען און מאַגאַזינען פאַר פאַרטיגע סחורות.

6) פערקעהרס מיטלען: שאָסעען, אייזענ־באַהנען,ש יפען, א. אז. וו.

7) געלד, ווען עס ווערט פערוועגדעט פאַר פּראָדוק־ציאָנס צוועקען, כדי צו קויפען רויהע מאַטעריאַלען, צו צאָהלען שכירות די ארבייטער א. אז. וו.

8) נאַהרונגס מיטלען ביים קרעמער אָדער ביים אונטערנעהמער, ווען ער צאָהלט מיט זיי די ארבייטע־ בתורת שכירות. בכלל זיינען נאַהרונגס מיטלען זאַכען צום גע־ברויך, אָבער אין היינטיגער צייט, אין דער צייט פון פּריוואַט איי־גענטהום, דיענען זיי גאַנץ אָפט אַלס פּראָדוקציאָנס מיטלען, ווי צו מאַכען דורך זיי געלד. ווען דער אונטערנעהמער צאָהלט די ארבייטער מיט נאַהרונגס מיטלען, טהוט ער דאָס ניט לשם שמים, כדי די אַרבייטער זאָלען זיין זאַט, נאָר כדי זיי זאָלען ארבייטען און שאַפען פאַר איהם פּראָפיט. אין דעם פּרט זיינען די נאַהרונגס מיטלען גלייך צו דעם געלד, וואָס דער אונטערנעה־מער האַלט פאַר שכירות, און צו די הייזער, וועלכע דער אונטער־נעהמער פערדינגט זיינע ארבייטער צו וואוינען. פון שטאַנד־פּונקט פון כלל זיינען די נאַהרונגס מיטלען טאַקע ניט קיין קאַ פּיטאַל, אָבער פון שטאַנדפּונקט פון פּרט, פון יחיד זיינען זיי

צייטענווייז יאַ קאַפּיטאַל, ווייל דורך די נאַהרונגס מיטלען קען דער אונטערנעהמער קויפען ארבייטס קראַפט — די וויכטיגסטע זאַך פאַר יעדער אונטערנעהמונג.

צווישען די אויסגערעכענטע מינים קאַפּיטאַל זיינען פאַראַן אַזוינע, וועלכע קענען געברויכט ווערען אין דער פּראָדוקציע ניט מעהר ווי איין מאָל, ווי צ. ב. רויה מאַטעריאַל, האָלץ, קויהלען, געלד אָדער נאַהרונגס מיטלען פאַר שכירות. אָט די אַלע זאַכען גלייך, ווען זיי ווערען איינמאָל פערווענדעט, קענען זיי נאָך אמאָל ניט פערווענדעט ווערען. קויהלען קען נאָר איין מאָל פערברויכט ווערען. רויה מאַטעריאַל, פלאַקס אַ שטייגער, קען נור איין מאָל איבערגעאַרבייט ווערען. נאָך דעם ווי זיי ווערען שוין פער־טהאָן, פערלירען זיי זייער פריהערדיגע פאָרם און געשטאַלט. אויך מיט דעם געלד, וואָס דער אונטערנעהמער האַלט פאַר ארבייט־לוין, קען ער נור א י י ן מ אָ ל צאָהלען די ארבייטער, גלייך ווי ער צאָהלט אויס, געהט דאָס געלד ארויס פון זיין רשות. זייער נוצען און בעדייטונג פאַר'ן אונטערנעהמער פערלירען אָט די אַלע זאַכען, גלייך ווי זיי ווערען דאָס ערשטע מאָל פערנוצט. גאַנץ אַנדערש זיינען אָבער די מאַשינען, למשל ,אָדער געביידעס, אָדער בהמות, וועלכע ווערען פערווענדעט אין דער פּראָדוקציע. אָט די זאַכען ווערען ניט מיט דעם ערשטען מאָל אויסגענוצט. זיי קענען נוצען פאַר פיעלע אָפּעראַציעס. אַ מאַשין קען שטעהן אַ לאַנגע צייט ,מיט אַן אַקער אייזען קען מען פיעל מאָל אַקערן אַ פעלד, אַ געביידע קען שטעהן צעהנדליגע יאָהר איידער זי ווערט אָבגענוצט, און דעריבער האָבען די קלאַסיקער עקאָנאָמיס־טען איינגעטיילט די פערשיעדענע סאָרטען קאַפּיטאַל אין

1) ש ט ע נ ד י ג, ג ר ו נ ד ק אַ פּ י ט אַ ל, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין פיעלע ארבייטען (מאַשינען, געביידען, משא פערד) און

2) פ ע ר ע נ ד ע ר ל י ך ק אַ פּ י ט אַ ל, וואָס קען מעהר ווי איינמאָל ניט אָנגעווענדעט ווערען ביי דער ארבייט, ווי געלד און נאַהרונגס מיטעל פאַר אַרבייט־לוין, רויה־מאַטעריאַל א. אז. וו.

קאַרל מאַרקס האָט געגעבען אַן אַנדער קלאַסיפיקאַציע פאַר די פערשיעדענע סאָרטען קאַפּיטאַל.

לויט מאַרקס'ן געהערט צום שטענדיגען קאַפּיטאַל אַלץ דאָס, וואָס שאַפט ניט קיין נייעם ווערטה אין נייעם פּראָדוקט; צום

פערענדערליכען קאפיטאל — דאס, וואס גיט צו צום נייעם פראָ־דוקט א גרעסערען ווערטה, ווי די קאסטען, וואס זיינען אויסגע־געבען געוואָרען. אלע סארטען קאפיטאלען, אריינגערעכענט אויך רויהע מאטעריאל א. אז. וו. געהערען לויט אט דער קלאסי־פיקאציע צום שטענדיגען קאפיטאל, ווייל דער אונטערנעהמער פערדיענט אן זיי ניט, ער בעקומט פון דעם נייעם פראדוקט נאר דאס, וואס עס איז אבגענוצט אדער אויסגענוצט געוואָרען אין זיין פראָדוקציע. דאס איינציגע, וואס הייסט פערענדערליך קאפיטאל, איז דאס געלד, אדער נאהרונגס מיטלען, מיט וואס מען קויפט ארבייט־קראפט, ווייל דאס איינציגע, וואס שאפט נייע ווערטהען אין דעם נייעם פראדוקט, איז ארבייט־קראפט. ארבייט־קראפט אונטערשיידעט זיך פון אלע אנדערע זאכען, וועלכע ווערען פער־ווענדעט אין דער פראָדוקציע, דערמיט, וואס זי האט די טבע צו געבען דעם אונטערנעהמער מעהר, וויפיעל ער האט פאר איהר אויס־גענעבען. *) אלס א כלל קענען מיר אננעהמען, אז טויטע, פער־גליווערטע ארבייט (קאפיטאל איז, ווי מיר ווייסען, א רעזולטאט פון ארבייט) בילדעט דאס שטענדיג, טויטע קאפיטאל; לעבעדיגע ארבייט, די ארבייט וואס איז נאך ניט פערטהאן געוואָרען (ארבייט קראפט) — דאס פערענדערליך, לעבעדיג קאפיטאל.

**ווען און ווי אזוי** איז ענטשטאנען דאס קאפיטאל?

ווען די ערשטע מענשען, וועלכע האבען זיך ערנעהרט מיט פיה, האבען געמוזט זייער גאנצע ארבייט אבגעבען פאר זייער קלענליכער חיונה, צו כאפען אזוי פיעל פיש, וויפיעל זיי איז נויטיג געווען צום לעבען, האבען זיי, זעלבסט פערשטענדליך ניט געהאט קיין צייט צו מאכען געצייג און האבען במילא ניט גע־האט קיין קאפיטאל. ערשט שפעטער, ווען זיי האבען אין איין טאג, למשל, אנגעכאפט פיש פאר צוויי טעג און זיי איז דאן גע בליבען אן איבעריגער טאג ארבייט, האבען זיי געהאט די מעג־ליכקייט צו מאכען א נעץ אדער אן אנגעל כדי עס זאל זיי זיין שפעטער לייכטער צו פאנגען. דער נעץ און דער אנגעל פון די פישער; דער פייל און בויגען פון די ערשטע יעגער — זיינען געווען דאס ערשטע קאפיטאל.

ובכן: קאפיטאל איז ערשינען אין דער געשיכטע דאן, ווען

---

*) אויספיהרליכער וועגען דעם ווייטער, ווען מיר וועלען ריידען וועגען מעהר ווערטה. א. ש. ז.

מענשען האָבען ניט בעדאַרפט פערוועגדען זייער גאַנצע ארבייט פאר דעם אונמיטעלבארען, דירעקטען געברויך.

אז קאפּיטאל איז א רעזולטאט פון ארבייט און ניט פון אָב־שפּאָרעניסען, ווי פיעלע ווילען איינריידען, זעהט מען גאַנץ קלאָר אויך איצט. וואָס מעהר ארבייט אין דער געזעלשאפט, אלץ גרע־סערע קאפּיטאלען ווערען געזאמעלט.

דאָס קאפּיטאל גופא האט פון זיין זייט נאָך מעהר פער־לייכטערט די ארבייט פון מענשען, און דער מענש האט במילא נאָך מעהר צייט געקראָגען אום צו שאפען קאפּיטאל. און אזוי זעהען מיר אין דער גאנצער געשיכטע, אז וואָס וועניגער ארבייט די געזעלשאפט דאַרף אויסגעבען פאר די אונמיטעלבארע בע־דערפנישען, אלץ גרעסער איז דאָס קאפּיטאל, וואָס זי שאפט.

לויט מארקס׳ן, ווי מיר האָבען געזעהען, איז דער בעגריף פון קאפּיטאל פערקניפּט מיט דער היינטיגער צייט, וואו די גאַנצע פּראָדוקציאָן ווערט געפיהרט לשם פּראָפיט, און לויט דעם איז דאָס קאפּיטאל ענטשטאַנען דאַן, ווען איין מענש האט אָנגעפאַנגען צו עקספּלואטירען דעם צווייטען מענש, אין דער צייט, ווען די ארבייטער זיינען בערויבט געוואָרען פון זייערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און זיינען געווען געצוואונגען צו פערקויפען זייער אר־בייט־קראַפט צו אַן אנדערן. „די עקזיסטענץ פון א קלאס, וואָס האָט גאָר ניט, אויסער זיין ארבייט־קראַפט, איז א נויטוועגדיגע בעדינגונג פון קאפּיטאל“ — זאָגט מארקס.

כל זמן מענשען ארבייטען אליין מיט זייערע פּראָדוקציאָנס מיטלען און בענוצען זיך ניט מיט פרעמדער ארבייט קען קיין קאפּיטאל זיך ניט אָנקלייבען. קאפּיטאל קען זיך אָנקלייבען נאָר דאַן, ווען עס איז פאַראַן מעהר־ווערטה, *) און מעהר־ווערטה קען נאָר זיין דאַן, ווען עס ווערט עקספּלואטירט פרעמדע ארבייט. אייגענע ארבייט, ווי פּרוכטבאר זי זאָל ניט זיין, קען קיין גוזמא ניט שאפען און האט אויך ניט געקענט ארויסרופען די אָנקלייבונג פון קאפּיטאל.

די ווערטער „ק א פּ י ט א ל י ס ט י ש ע פּראָדוקציע“, ווי עס ווערט אָנגערופען דאָס היינטיגע סיסטעם, בעדייטען א סיסטעם, וואָס איז געבויט אויף פרעמדער ארבייט, אויף לוין־ארבייט.

די בירגערליכע עקאָנאָמיסטען, וועלכע פערדעקען דעם אמת׳ן

*) וועגען מעהר ווערטה — שפּעטער.

כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, אונ־טערשטרייכען אימער, אז דאָס הויפּט־קאַפּיטאַל איז ענטשטאַנען אין די גאָר אַלטע צייטען נאָך איידער די געזעלשאַפט איז געווען צושפּאַלטען אויף קלאַסען.

מאַרקס בעווייזט, אַז נאָר וואו עס איז פאַראַן עקספּלואַטאַ־ציע, קען זיך אָנקלייבען קאַפּיטאַל.

אָט ווי מאַרקס שילדערט היסטאָריש די ענטשטעהונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע: „די ענטדעקונג פון גאָלד און זילבער לענדער אין אַמעריקאַ; דאָס אויסראָטען, פערשקלאַפען און בעגראָבען די איינגעבאָרענע בעפעלקערונג אין די שאַכטען; די עראָבערונג און דאָס אויספּלינדערן פון מזרח־אינדיע; די פער־וואַנדלונג פון אַפריקאַ אין אַ האַנדעלס־יאַגד אויף די שוואַרצ־הויטיגע מענשען — בעצייכענען די מאָרגענ־רויט פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע.“ און ווייטער: „דאָס אָבנעהמען פון די פּויערים דעם גרונד און באָדען בילדעט די גרונדלאַגע פון גאַנצען פּראָצעס“.

מאַרקס, זעלבסטפערשטענדליך, לייקענט ניט, אַז שוין אין די אַלטע צייטען איז געווען קאַפּיטאַל. אָבער דאָן האָט עס קיין ראָליע ניט געשפּיעלט. די הויפּט־ראָליע פון קאַפּיטאַל איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וואָס עקזיסטירט לשם פּראָ־פּיט און דעריבער אונטערזוכט מאַרקס הויפּטזעכליך די ענטשטעה־הונג פון׳ם מאָדערנעם קאַפּיטאַל, פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס איז די נשמה פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע.

---

די אויפגאַבע פון קאַפּיטאַל איז — לייכטער צו מאַכען די אַרבייט. דורך דעם קאַפּיטאַל איז די אַרבייט פון מענשען לייכ־טער און פרוכטבאַרער. דאָס קאַפּיטאַל מאַכט מעגליך אַ אַר־בייט צוטיילונג און מאַכט, אַז אין איין און דערזעלבער צייט זאָל געשאַפען ווערען אַ גרעסערע צאָהל פּראָדוקטען. אַלע מעלות פון אַרבייט־צוטיילונג, וואָס מיר האָבען אויבען אויסגערעכענט, קענען צוגעשריבען ווערען צום קאַפּיטאַל.

די היינטיגע פּראָדוקציע צייכענט זיך אויס פון פריהערדיגע פאָרמען דערמיט, וואָס די פרוכטבאַרקייט פון אַרבייט איז ביי איהר געוואַלדיג גרויס. און דיזע פרוכטבאַרקייט איז צו פערדאַנקען דער אָנווענדונג פון קאַפּיטאַל.

עס איז אמת, אַז אַ דאַנק דעם קאַפּיטאַל ווערט דער פּראָ־צעס פון דער פּראָדוקציע פערלענגערט, ווייל עס נעהמט אַוועק

צייט דאָס אויסאַרבייטען די אינסטרומענטען — ד. ה. צו שאַפען קאַפּיטאַל. דערפאַר קען מען אָבער דורך דעם קאַפּיטאַל די אַר־בייט אַזוי אויסנוצען, אַז זי זאָל ניט נאָר אַריינברענגען צוריק די צייט, וואָס די פּראָדוקציע פון קאַפּיטאַל האָט איינגעשלונגען, נאָר זי זאָל נאָך אויך געבען אַ גרויסען איבערשוס, אַ גרויסען ריוח.

וואָס מעהר קאַפּיטאַל, אַלץ מעהר מזל ברכה, אַלץ רייכער איז די געזעלשאַפט. אין פיעל הונדערטער און טויזענדער יאָהרען האָט טאַקע דאָס קאַפּיטאַל געהאָלפען דער אַרבייט. בלויז אין איצטיגע צייטען, אין דער צייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציע, איז דאָס קאַפּיטאַל געוואָרען געגענזעצליך צו אַרבייט און, ווי פייער מיט וואַסער, קענען זיי ביידע — קאַפּיטאַל און אַרבייט — ניט לעבען בשלום. אנשטאַט צו העלפען, "אונטער־דריקט דאָס קאַפּיטאַל די אַרבייט. די אורזאַכע דערפון איז, וואָס אַרבייט און קאַפּיטאַל ליגען אין בעזונדערע הענד. די בעלי בתים פון קאַפּיטאַל אַרבייטען ניט און די, וועלכע אַרבייטען, האָבען ניט קיין קאַפּיטאַל.

אין די אַלטע צייטען איז דאָס קאַפּיטאַל ניט געווען אָבגע־זונדערט פון זיין מוטער — אַרבייט. די, וועלכע האָבען געאַר־בייט, האָבען געהאַט קאַפּיטאַל; די, וועלכע האָבען ניט געאַר־בייט, האָבען קיין קאַפּיטאַל ניט געהאַט. קאַפּיטאַל און אַרבייט האָבען געהאַט א י י ן בעל־הבית, איין אייגענטימער. שפּע־טער, ווען דאָס קאַפּיטאַל איז געוואָרען גרויס, האָט עס זיך אָב־געריסען פון אַרבייט און איז געוואָרען זעלבסטשטענדיג. עס איז ענטשטאַנען אַ נייער קלאַס מענשען — קאַפּיטאַליסטען — וועלכער האָט בלויז קאַפּיטאַל, און פון דער אַנדער זייט — אַ קלאַס מענשען, וועלכער האָט קיין אַנדער זאַך ניט, ווי אַרבייט.

די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט אַלס איהר אויפגאַבע, בלויז צו עקספּלואַטירען צום נוצען פון קאַפּיטאַל. די אורזאַך ליעגט אין דעם רעכט פון פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען (לאַנד און קאַפּיטאַל). אַ דאַנק דעם רעכט פון פּריוואַט אייגענטום איז דאָס קאַפּיטאַל אַריין אין אַ ווידער־שפּרוך מיט זיך אַליין. אנשטאַט זיין ערשטער אויפגאַבע, צו העלפען אַרבייט — אונטערדריקט ער זי גאָר. דערפון איז גע־דרונגען, אַז ווען ס'וועט קומען אַ צייט און פּריוואַט אייגענטום וועט אויפהערען צו עקזיסטירען, וועט קאַפּיטאַל צוריק אָנפאַנגען צו ערפילען זיין ערשטע אויפגאַבע — העלפען און לייכטער מאַ־כען די מענשליכע אַרבייט.

6טע לעקציע

# ווירטשאַפט-סיסטעמען

## א) נאַטוראַל־ווירטשאַפטען

**דעם מענש׳ קאַמפּף מיט דער נאַטור ; קינסטליכע געצייג און געזעלשאַפט־ליכקייט אַלס די בעסטע וואַפען אין דעם דאָזיגען קאַמף ; די ענטוויק־לונג פון די וואַפען ; די אורזאַכען פון דיזער ענטוויקלונג ; די שייכות צווישען די קינסטליכע געצייג און דער געזעלשאַפטליכקייט ; נאַטוראַל ווירטשאַפט און סחורה ווירטשאַפט ; דער אונטערשייד צווישען זיי ; די שטופען פון דער נאַטוראַל ווירטשאַפט : יאַגד, לאַנד ווירטשאַפט, שקלאַפעריי און לייב אייגענשאַפט.**

---

אין די פאַריגע קאַפּיטלעך האָבען מיר ארומגערעדט די בע־דייטונג פון קאָאָפּעראַציע און דער אָנווענדונג פון אינסטרומענ־טען אין דער מענשליכער ארבייט. קאָאָפּעראַציע און אינסטרו־מענטען זיינען תמיד געווען די בעסטע וואַפען אין דעם קאַמפּף, וואָס דער מענש האָט געפיהרט מיט דער ארומיגער נאַטור.

ווען ניט די דאָזיגע וואַפען, וואָלט דער מענש געוויס אונ־טערגעגאַנגען דערפאַר, ווייל דער מענש איז בטבע די שוואַכ־סטע חיה. ער ווערט ניט געבאָרען מיט פיזשע, קערפּערליכע אָר־גאַנען, מיט נאַטירליכע געצייג, וועלכע זאָלען איהם שאַפען נאָה־רונג, שיצען פון קעלט און אַנדערע נאַטירליכע שונאים. ער ווערט ניט געבאָרען מיט אַ דיקע הויט, מיט שאַרפע ציין און מיט שאַר־פע נעגעל, ווי זיינע קרובים — די חיות . דעם מענש׳ס מערכה אין דער נאַטור איז דעריבער שווערער און ביטערער און ער וואָלט טאַקע געפאַלען אַ קרבן אין דעם קאַמפּף פאַר דער עקזיסטענץ, אַזוי ווי פיעלע אַנדערע טויזענדע מיליאָנען מינים, וועלכע זיינען אונטערגעגאַנגען אין פערלויף פון דער געשיכטע, אַז עס איז אפילו פון זיי קיין זכר ניט געבליבען.

צום גליק האָט דער מענש אָנגעפאַנגען צו לעבען אין אַ גע־זעלשאַפט און ארבייטען צוזאַמען מיט אַנדערע פון זיין גלייכען. דיזע געזעלשאַפטליכקייט, דאָס צוזאַמען־ארבייטען האָט איהם גע־ראַטעוועט פון אונטערגאַנג.

**אויב אַליין, ביחידות, איז דער מענש, אַזוי ווי אַלע אַנדערע**

בעשעפעניסען, געווען צו שוואך בייצוקומען אזא שטארקען פירב־טערליכען שונא, ווי די אויסערליכע נאטור, האט ער צוזאמען מיט נאך מענשען ענטוויקעלט אזא שטארקע מאכט, פאר וועלכער עס האט זיך געמוזט בויגען אפילו די שטאלצע, ניט־נאכגעביגע נאטור.

די געזעלשאפטליכקייט, דאס צוזאמענארבייטען קען אבער האבען א ממשות בלויז דאן, ווען עס זיינען דערצו נאך פאראן ממשות׳דיגע וואפען, מיט וועלכע די געזעלשאפט זאל זיך קענען בענוצען.

מיט הוילע הענד, אהן געצייג און כלי־זיין איז די ארבייט פון מענשען זעהר אונפרוכטבאר. זי קען אויפטהאן גאנץ ווייניג, זי קען נאר פראדוצירען א קליינע סומע מיטלען, אזא סומע, וואס קען קוים בעפרידיגען די גאר נויטווענדיגסטע, פיזיאלאגישע בע דערפניסען, אהן וועלכע דער מענש קען ניט לעבען: שפייז, קליידונג א. אז. וו. אום די ארבייט זאל זיין ערפאלגרייך, מוז אנגעווענדעט ווערען געצייג, אינסטרומענטען.

וואס בעסער און ענטוויקעלטער די געצייג, אלץ ווייניגער צייט פערנעהמט אויסצוארבייטען די מיטלען, וועלכע זיינען נויטיג פאר די קערפערליכע בעדערפניסען און אלץ מעהר צייט בלייבט נאך פאר די איבעריגע פראדוקטען — פאר די פראדוקטען, וועלכע ווערען פארברויכט שוין ניט פאר די קערפערליכע, נאר פאר די העכערע גייסטיגע בעדערפניסען.

„דער מענש איז א געזעלשאפטליכע חיה" — זאגט אריס־טאטעל.

„דער מענש איז א חיה, וואס מאכט געצייג" — זאגט פראנ־קלין.

אין דיזע צוויי שפרוכען ליעגט דער גאנצער סוד פון מענ־שענס ערפאלג אין זיין קאמפף מיט דער ארומיגער נאטור.

דער מענש האט תמיד אנגעווענדעט קינסטליכע געצייג און האט תמיד געלעבט בחברותא, צוזאמען, אין א געזעלשאפט. און צוליעב דעם האט זיך דער מענש אלץ העכער און העכער אויפגע־הויבען אויפ׳ן לייטער פון ענטוויקלונג און איז געווארען דער „אתה־בחרתנו", די קרוין פון דער נאטור.

אויך די ענטוויקלונג פון דער פאלקס־ווירטשאפט בעשטעהט, ערשטענס, דערין, וואס עס ווערען אויסגעבעסערט די געצייג און די כלי־זיין, מיט וועלכע די ווירטשאפט ווערט געפיהרט; צוויי־טענס, דערין, וואס די צאהל מענשען, וועלכע פעראייניגען זיך צוזאמען, ווערט גרעסער. די ערשטע מענשען האבען בענוצט

אין זייער ארבייט איינפאכע געצייג און פלעגן זיך פעראייניגען אין קליינע געזעלשאפטען. וואָס ווייטער ווערט די צאָהל מענשען, וואָס געפינען זיך איין אין געזעלשאפט, אַלץ גרעסער און די אינסטרומענטען און געצייג, וועלכע ווערען פערווענדעט אין דער ווירטשאפט, אַלץ מעהר ענטוויקעלט. די ערשטע געזעלשאפטען זיינען, מעגליך, בעשטאנען פון דער מוטער און איהרע קינדער; די ערשטע געצייג זיינען געווען א שפיציגער שטעקען און אַן אָבגע־שארפטער שטיין. היינט אָבער צעהלט יעדע געזעלשאפט, יעדער שטאט (וואָס איז ניט אנדערש, ווי א פעראייניגונג פון מענשען) אין די מיליאָנען און פון די אמאָליגע שטעקענס און שטיינער האָבען זיך ענטוויקעלט די מעכטיגע דאמפף־ און עלעקטרישע מאשינען, וועלכע מאכען די ארבייט פרוכטבארער אין מיליאָנען מאָל.

דאָס אינטערעסאנטסטע דערביי איז, וואָס עס איז פאראַן א שטארקע שייכות צווישען די צוויי וואפען — קינסטליכע גע־צייג און געזעלשאפטליכקייט. זיי זיינען צווישען זיך שטארק פערבונדען, הגם דיזער בונד זעהט זיך ניט אַלע מאָל בולט אָן.

די געזעלשאפטליכקייט, די בעציהונגען צווישען די מענשען, ענדערן זיך. זיי זיינען ניט אַלע מאָל דיזעלביגע. עס ענדערן זיך די געזעצען, עס ענדערט זיך דאָס פּאָליטישע לעבען, עס ענדערן זיך די מדות פון מענשען, און עס ענדערן זיך אויך די פאָרמען פון קונסט און ליטעראטור.

וואָס זיינען די אורזאכען פון אָט די פערענדערונגען? דורך וועלכע קרעפטען ווערט איין פּאָליטישע אָרדנונג בטל און אַן אנדערע ענטשטעהט אויף איהר פלאַץ? פאר וואָס ווערט, למשל, אַן אבסאָליוטיסטישע רעגיערונג פערוואנדעלט אין א דעמאָקרא־טיע?

דיזע אַלע פערענדערונגען ווערען ארויסגערופען דורך די פער־ענדערונגען אין די קינסטליכע געצייג. די מענ־שען ווערען אַלץ גרעסערע בעלי הוצאה, וויל זייערע בעדערפניסען ענטוויקלען זיך מיט דער ענטוויקלונג פון קולטור, און אויסערדעם פערגרעסערען זיי זיך אין צאָהל, זיי זיינען פרים ורבים און מען מוז זעהן צו האָבען א גרעסערע הכנסה, מען מוז זעהן צו קריגען מעהר לעבענס־מיטלען. דיזע נויט אין לעבענסמיטלען צווינגט די מענשען אויסצובעסערן זייערע וואפען — די קינסטליכע געצייג, און א דאנק דער דאָזיגער ענטוויקלונג פון די קינסטליכע געצייג ענדערט זיך שוין דאָס געזעלשאפטליכע צוזאמענלעבען, די געזעל־שאפטליכקייט.

א פּאָר ביישפּיעלען:

אין דער ערשטער עפּאָכע פון דער מענשליכער קולטור, ווען אַלע מענשען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט יאגד, איז די פאָרם פון געזעלשאַפטליכען לעבען געווען א קאָמוניסטישע (בחברותא׳דיגע). אזא פאָרם איז געווען אין הסכם מיט דעם צושטאַנד פון די קינסט־ליכע וואפען, מיט וועלכע די מענשהייט האָט געפיהרט איהר קאַמפּף מיט דער נאַטור. ביקסען, שווערדען און נאָך אַזוינע קולטור־געוועהר זיינען ניט געווען. די גאַנצע געוועהר און געצייג זיינען בעשטאַנען פון א שטיין און א שטעקען. איינעם אליין איז געווען אונמעגליך צו פאַנגען א חיה. די מענשען האָבען זיך געמוזט אַלע פעראייניגען כדי מיט אַלגעמיינע כחות צו פאַנגען פערשיידענע חיות. אין דער יאגד האָבען אַלע מיטגליעדער פון דער גרופּע גענומען א גלייכען אנטייל. נעהמענדיג א גלייכען אַנטייל אינ׳ם שאַפען פּראָדוקטען, האָבען זיך שפּעטער אַלע גלייך געמוזט צוטיילען מיט דעם געשאַפענעם פּראָדוקט, מיט דעם רויב.

די צאָהל מיטגליעדער פון דער יאגר־גרופּע איז געוואַקסען, און צוזאַמען מיט דער צאָהל זיינען אויך געוואַקסען די בעדערפ־ניסען. די יאגד בעשעפטיגונג איז שוין ניט געווען אימשטאַנד אַלע בעדערפניסען צו בעפרידיגען. די נויט האָט געצוואונגען דעם מענשען זוכען א נייע סאָרט ווירטשאפט. דער מענש איז איבערגעגאַנגען צו לאַנדווירטשאפט און פיהצוכט. לאַנדווירטשאַפט און פיהצוכט, לויט די דאַמאָל־דיגע געצייג, האָבען ניט געפאָדערט די ארבייט פון א סך מענשען צוזאַמען. ביי שלעכטע געצייג איז א סך בעסער צו בעארבייטען דאָס לאַנד אַליין, אָדער מיט א קליינע צאָהל מענשען, איידער מיט א סך מענשען צוזאַ־מען. דאָס לאַנד איז א סך פרוכטבארער, ווען איינער אָדער איי־ניגע בעארבייטען א קליין שטיק ערד, איידער א סך אויף אַמאָל — א גרויסען שטח. וויבאַלד דער שותפות׳דיגער אנטייל אין דער פּראָדוקציע איז בטל געוואָרען האָט שוין במילא אויך אויפגע־הערט די פריהערדיגע פאָרם פון צוזאַמענלעבען. די קאָמוניס־טישע געזעלשאַפטליכע פאָרם האָט זיך געביטען אויף א פּאַט ריכאַלישע, וואָס איז שוין געגרינדעט אויף פריוואַט אייגענטום, אַזוי ווי עס האָט געפאָדערט יענער צושטאַנד פון די קינסטליכע געצייג.

די בעדערפניסען ווערען אָבער וואָס ווייטער אַלץ מעהר ענט־וויקעלט. לאַנדווירטשאַפט און פיהצוכט אין זייער דאַמאָלדיגען

שטאַנד זיינען שוין אויך געוואָרען ניט־גענינענדע קוועלען אויף חיונה. מען האָט זיך גענומען שטאַרקער צו מלחמות. די מלחמות אין דער אַלטער צייט זיינען געווען אַ גויטוועגדיגער פּועל־יוצא פון דעם קאַמפּף פאַר דער עקזיסטענץ. מלחמות פאָדערן אַ שטאַרקע און פעסטע דיסציפּלין. אַ דיסציפּלין קען זיך נאָר רעכט האַלטען דעמאָלט, ווען די רעגיערונג טראָגט אַ דעספּאָטישען כאַראַקטער. אויסער דעם ברייגגען די מלחמות פיעל געפאַנגענע פון די איינגענומענע שבטים. כל זמן די ארבייט פון יעדען מענשען איז געווען אזוי אָרעם, אז זי האָט אפילו ניט געקענט בעפרידיגען די אייגענע בעדערפניסען, האָט דעם זיעגרייכען שבט ניט געלוינט צו האַלטען די געפאַנגענע, און האָט זיי בעסער אויסגע׳הרג׳עט. שפּעטער אָבער, ווען די ארבייט האָט געקענט שאַפען מעהר, ווי־פיעל עס איז נויטיג פאר זיך אַליין, האָט שוין דעם זיעגרייכען שבט ניט געלוינט אויסצוהרג׳ענען די איינגענומענע שבטים, נאָר זיי פערוואַנדלען אין שקלאַפען. אזוי האָט זיך ענטוויקעלט די שקלאַפעריי.

דער אונטערגאַנג פון דער שקלאַפעריי, ווי די ענטשטעהונג פון לייב־אייגענשאַפט איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון די פערענדערונגען אין די קינסטליכע געצייג, אין דער אַרט און ווייזע ווי די מענשהייט האָט געפיהרט דעם קאַמפּף פאַר דער עקזיסטענץ, אָדער בעסער אין דעם סיסטעם פון ווירטשאַפט.

אונזער אויפגאַבע איז דאָ אָבער ניט צו ווייזען, ווי אזוי די פערשיעדענע פּאָליטישע פאָרמען האָבען זיך געביטען אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער פערענדערונג אין די ווירטשאַפטס־סיסטע־מען. די הויפּט זאַך, וואָס מיר ווילען דאָ, איז צו געבען אַ קור־צען איבערבליק אויף די ווירטשאַפטס־סיסטעמען גופא, וועלכע זיינען געווען אין אונזער געשיכטע.

היסטאָריש ווערט די גאַנצע ווירטשאַפט איינגעטיילט אין צוויי פעריאָדען: 1) נאַטוראַל־ווירטשאַפטען, 2) די סחורה־אָדער טויש־ווירטשאַפטען.

צו די נאַטוראַל־ווירטשאַפטען געהערען יענע ווירטשאַפטען, וואו די פּראָדוקטען ווערען פּראָדוצירט פאַר׳ן אייגענעם געברויך, און וואו די ווירטשאַפט איז אָרגאַניזירט לויט אַ געוויסען פּלאַן. די גאַנצע ווירטשאַפטליכע ארבייט ווערט פערוואַלטעט פון אַ בעשטימטען רצון. אָט דער ווילען וויים די בעדערפניסען פון דער געזעלשאַפט און אין הסכם מיט אָט די בעדערפניסען ווערט אָר־

גאניזירט די ווירטשאפט. דער קאנסום, דער געברויך איז דער צוועק און די פּראָדוקציאָן איז אַ מיטעל ווי צו בעפרידיגען דעם געברויך. די גאנצע ווירטשאפטליכע ארבייט בעשטעהט פון צוויי רינגען, פון פּראָדוקציע און קאָנסומפּציע. דער מיטעל־רינג, די צירקולאציע, דער מסחר איז אָדער גאָר ניט געווען, אָדער געווען זעהר ווייניג ענטוויקעלט. דיזע ווירטשאפטליכע סיסטעמען זיינען:

א) יאגד,
ב) לאנדווירטשאפט און פיהצוכט,
ג) שקלאפעריי, און
ד) לייב־אייגענשאפט, אָדער פעאָדאליזם.

צו די סחורה־ווירטשאפטען געהערען יענע ווירטשאפטען, וואו די פּראָדוקטען זיינען סחורות און ווערען פּראָדוצירט פאר'ן מארק, און ניט פאר'ן אייגענעם געברויך. אין אַט די ווירטשאפט האָט די פּראָדוקציע ניט אַלס איהר צוועק צו בעפרידיגען די בעדערפניסען פון כלל, נאָר צו שאפען פּראָפיט פאר די פּראָדוצירער. די גאנצע ווירטשאפט איז ניט אָרגאניזירט, נאָר ווערט רעגולירט דורך בלינדע עקאָנאָמישע געזעצען. די צירקולאציע, דער טויש איז די הויפּט־אַקס, ארום וועלכער עס דרעהט זיך די גאנצע ווירטשאפט.

די סחורה־ווירטשאפט צוטיילט זיך אויף:

א) מלאכה,
ב) מאנופאקטור,
ג) פאבריק.

אין דער יאגד־צייט איז אייגענטליך נאָך ניט געווען קיין ווירטשאפט אין דעם זין, ווי מיר האָבען בעשטימט, וואָס אַ ווירטשאפט הייסט (אַן איבערלעגטע, מיושב'דיגע ארבייט). דאַן האָבען די מענשען ערשט אָנגעפאנגען צו לעבען צוזאמען. די יאגד־שבטים פלעגען שטענדיג הונגערן, די נאטור האָט איבער זיי געהערשט דעספּאָטיש. זייער עקזיסטענץ האָט אָבגעהאנגען פון אַ צופאל. די פאָרם פון צוזאמענארבייטען איז געווען אַן איינפאכע. קיין ארבייט־צוטיילונג איז ניט געווען. די פאָרם פון פונאנדערטיילונג איז געווען אַ קאָמוניסטישע, אין הסכם מיט דער ארט פון צוזאמענארבייטען. פון דער עקספּלואטאציע פון איין מענש דורכ'ן צווייטען איז נאָך קיין זכר ניט געווען.

ביי דער לאנדווירטשאפט און פיהצוכט זיינען די מענשען שוין ניט געווען אזוי פערשקלאפט ביי דער נאטור. זיי זיינען

שוין ניט געווען אזוי אָבהענגיג פון צופאל, ווי ביי דער יאגד־בע־שעפטיגונג. עס האָט זיך שוין דאן אָנגעפאנגען אַן ארבייט־צו־טיילונג צווישען די מיטגליעדער פון דער פאמיליע. אַן דער שפּיץ פון דער ווירטשאפט איז געשטאנען אַן אָרגאניזאטאָר, אַ פּאטריארך, וועלכער האָט געהערשט איבער די אנדערע מיטגליע־דער פון דעם שבט, אָדער פאמיליע. אין דער דאָזיגער צייט האָט זיך שוין אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען פּריוואט אייגענטום און עקס־פּלואטאציע.

ביי דער שקלאפעריי האָט די עקספּלואטאציאָן פון מענשען דערגרייכט די העכסטע שטופע. מענשען זיינען ערנידעריגט גע־וואָרען צו דער מדרגה פון אונלעבעדיגע געצייג. פּריוואט איי־גענטהום איז געוואָרען אַ הייליג רעכט. די ארבייט־צוטיילונג צווישען די מיטגלידער פון דער שקלאפען־גרופּע איז געווען בע דייטענד. די גאנצע געזעלשאפט איז געווען צוטיילט אין הערען, וועלכע האָבען געהאט כל־טוב און שקלאפען, וועלכע זיינען געווען דאָס אייגענטהום פון די הערען. אַ דאנק דעם, וואָס די שקלא־פען האָבען געשאפען אַלע נויטיגע זאכען צום לעבען, האָבען די הערען זיך אָבגעגעבען מיט עולם הזה, און האָבען געשטרעבט וואָס מעהר צו געניסען. דערמיט ערקלעהרט זיך אויך, וואָס אין יענער צייט, אין דער אַלטער צייט פון גריכענלאנד און רוים, האָבען זיך ענטוויקעלט די פערשיידענע סאָרטען קונסט, וועלכע פערפיינערען דאָס לעבען.

ביי דער לייב־אייגענשאפט איז דער פויער אויך אונטער־יאָכט צום פּריץ ,אָבער ניט מיט זיין גוף, נאָר מיט זיין ארבייט. יעדער דאָרף אין דער צייט פון לייב־אייגענשאפט האָט געפיהרט אַן אָבגעשלאָסען לעבען און האָט ניט געהאט קיין מגע ומשא מיט די איבעריגע מענשען, וועלכע האָבען ניט געהערט צו דעם פּריץ. דער האנדעל איז געווען נאָך וועניגער ענטוויקעלט, ווי אין דער שקלאפעריי. דאָס שטאאט־לעבען איז געווען לויט דעם פּרינציפּ פון דעצענטראליזאציע. די פּריצים זיינען ביי זיך אין די דערפער געווען פאָלשטענדיגע בעלי־בתים און זיינען געווען אונטערוואָרפען דער קעניגליכער מאכט בלויז אין בעצוג צו די אנגעלעגענהייטען פון גאנצען לאנד.

די אונאבהענגיגקייט פון די פערשיידענע געמיינדעס אין דער צייט פון לייב־אייגענשאפט איז ניט געווען אַ סימן פון פּראָגרעס, נאָר אַ סימן פון ריקשריט און ניט־דערוואקסענקייט. אין אַ מעהר־ענטוויקעלטער ווירטשאפט זיינען די פערשיידענע טיילען ענג

פערבונדען צווישען זיך. אויך ביי פלאנצונגען און חיות זעהען מיר, אז וואס קלענער און וועניגער ענטוויקעלט עס איז דער ארגאניזם, אלץ וועניגער אבהענגיג זיינען די בעזונדערע ארגאנען איינער פון אנדערן.

מיר דארפען דא בעמערקען, אז ווען מיר זאגען, דאס די ווירטשאפט־סיסטעמען בייטען זיך, הייסט עס ניט, דאס אין א געוויסער צייט הערט מיט אמאל אויף צו עקזיסטירען איין סיסטעם און א צווייטע פערנעהמט דעם פלאץ. די גאנצע מענשליכע ענט־וויקלונג בילדעט א קייט, וועלכע איז צוזאמענגעקניפט פון פער־שיידענע ווירטשאפט־סיסטעמען. די סיסטעמען ענטוויקלען זיך איינס פון דעם אנדערן . אינווייניג אין איין סיסטעם ליגען שוין די זאמען פאר'ן צווייטען. אזוי איז צום ביישפיעל געווען א געוויסע צייט, ווען יאגד האט עקזיסטירט צוזאמען מיט לאנד־ווירטשאפט, דער פאטריארך איז נאך צוזאמענגעקומען מיט דעם שקלאפען הערר א. אז. וו. ווען איין סיסטעם איז נאך אין גלאנץ זיינען נאך פאראן איבערבלייבעניסען פון א פריהערדיגען סיס־טעם און עס וואקסען שוין ווארצלען פון א נייעם סיסטעם. ווען מיר טיילען יא איין די געשיכטע אין סיסטעמען איז עס נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל די הויפט־מעטאדען און פארמען פון ארבייט זיינען כ א ר א ק ט ע ר י ס ט י ש פאר דער אדער יענער צייט. מיר ריידען בכלל נאר פון הויפט ווירטשאפט־סיסטעמען, אבער ניט פון פרטים פון אן איינציגער צייט.

אויך אין דער צייט פון פעאדאליזם, פון לייב אייגענשאפט, האבען זיך שוין אנגעפאנגען צו ענטוויקלען די שטעדט, וואו עס האבען אין אנפאנג מעהרסטענס געוואוינט די בעלי מלאכות און שפעטער די סוחרים, אבער דיזע בעלי מלאכות האבען נאך פער־נומען אין בעצוג צו די דארף־איינוואוינער זעהר א קליינעם פלאץ און זיינען ניט געווען כאראקטעריסטיש פאר יענער צייט. ערשט דאן, ווען די מאכט פון פריצים האט אנגעפאנגען שוואכער צו ווערען, דער האנדעל האט זיך אנגעפאנגען שטארק צו ענטוויק־לען, די פויערים האבען מאסענווייז געווארפען דעם דארף און ארי־בער אין שטאדט, וואס איז שפעטער געווארען דער צענטער פון עקאנאמישען לעבען און במילא אויך פון דער פאליטישער מאכט — ערשט דאן האט דער פעאדאליזם און צוזאמען מיט איהם די גאנצע נאטוראל־ווירטשאפט אויפגעהערט צו זיין דאס כ א ר א ק־ ט ע ר י ס ט י ש ע ווירטשאפט סיסטעם און די סמנים פון דער סחורה ווירטשאפט זיינען געווארען אלץ מעהר און מעהר בולט.

## זיבענטע לעקציע

# ב) די סחורה ווירטשאפטען

מלאָכה און איהרע כאַראַקטעריסטישע אייגענשאפטען ; די אינדיווידואַ־ליטעט פון בעל מלאכה שפּיגעלט זיך אָב אויף זיין פּראָדוקט ; מאנופאַק־טור און איהרע אייגענשאפטען ; די ענטשטעהונג פון מאנופאקטור ; די מעלות פון מאַנופאַקטור קעגען מלאָכה ; די פאַבריק און איהרע איי־גענשאַפטען ; די בעדייטונג פון דער מאַשין ; די אַרבייטס צוטיילונג צווישען מאַשינען ; דער קאָלעקטיווער כאַראַקטער פון די מאַשינען־פּראָדוקטען ; די ווירקונג פון דער מאַשין אויפ'ן אַרבייטער ; די סאָ־ציאַלע לאַגע פון אַרבייטער ביי דער מלאכה, מאַנופאַקטור און פאַבריק ; דעצענטראַליזאַציע און צענטראַליזאַציע ביי דעם פאַבריק סיסטעם.

אויף דער ערשטער שטופע פון די סחורה־ווירטשאַפטען האָט אין די שטעדט געהערשט די מלאכה.

אונטער מלאכה פערשטעהט מען אזא סאָרט אונטער־נעהמונג, וואו דער אונטערנעהמער אליין ארבייט מיט אייגענע אינסטרומענטען. ער איז דער אייגענטימער פון זיין ווארשטאַט. די אינסטרומענטען ווערען געבראַכט אין בעוועגונג מיט דעם בעל מלאכה'ס הענד. די ארבייט ווערט געמאַכט אויף בעשטעלונג און ניט אין פאָרראַט. געדונגענע ארבייטער זיינען ביים בעל מלאכה ווייניג. מייסטענס זיינען די ארבייטער די אייגענע הויזמענשען — די קינדער. די לעהרען צייט פון בעל מלאכה דויערט אייניגע יאָהר און יעדער פועל ווערט, געוועהנליך, שפּעטער אליין א בעל מלאכה. די אינסטרומענטען, דער שאַפּ, קאָסטען ניט טייער און יעדערער קען אָנקלייבען געלד דאָס צו קויפען. די ארבייט פון בעל מלאכה איז מעהר אָדער ווייניגער קאָמפּליצירט. די ארבייט איז ניט צוטיילט און דער בעל מלאכה מוז אויסארבייטען דעם גאנצען פּראָדוקט. די פעהיגקייטען פון בעל מלאכה שפּיגלען זיך אָב אויפ'ן פּראָדוקט. איז ער א גוטער בעל מלאכה מאַכט ער א גוטען פּראָדוקט, איז ער א שלעכטער בעל מלאכה — א שלעכ־טען פּראָדוקט. דער פּראָדוקט טראָגט אויף זיך דעם זיגעל פון זיין שעפּער. ראובן דעם שוסטערס שטיוועל זיינען ניט אין גאנ־צען גלייך צו שמעון דעם שוסטערס. לוי דעם שניידערס ארבייט איז ניט אין גאנצען עהנליך צו יהודה דעם שניידערס. די ארבייט

האט אין זיך א געוויסע אינדיווידואליטעט, זי איז די פערקערפע־רונג פון דעם אדער יענעם א י ך.

שפעטער האט זיך ענטוויקעלט די מ א נ ו פ א ק ט ו ר.

די מאנופאקטור דיענט אלס איבערגאנג פון מלאכה צו דער פאבריק. זי האט אין זיך געמיינשאפטליכעס מיט דער מלאכה דעריין, וואס ביי איהר ווערען אויך בענוצט אזוינע אינסטרומענ־טען, וועלכע ווערען געבראכט אין בעוועגונג דורך דעם ארביי־טערס האנד. די ארבייט איז אויך אבהענגיג פון דעם ארביי־טער'ס כח און געשיקטקייט. אבער בעת ביי דער מלאכה ווערען די פראדוקטען געמאכט אויף בעשטעלונג, איינציגוויין און אין א קליינעם מאסשטאב, ווערען זיי ביי מאנופאקטור שוין אויס־געארבייט מאסענווייז פאר'ן מארק. אויך די ארבייט־צוטיילונג איז ביי דער מאנופאקטור בעדייטענד ענטוויקעלט. אין דער מאנטעל־מאכער אינדוסטרי (קלאוק אינדוסטרי) זיינען מאנכע פא־כען כאראקטעריסטיש פאר מאנופאקטור, ווי צ. ב. די בלוזען און קליידער־מאכער (ליידיעס ווייסטס און דרעס־מייקער).

די מאנופאקטור האט זיך ענטוויקעלט, ערשטענס, דורך דעם, וואס מאנכע זאכען פאדערען בטבע די פעראייניגונג פון פערשיי־דענע זעלבסטשטענדיגע בעלי מלאכות, ווי צ. ב. די פראדוקציע פון עקיפאזשען. זיי ווערען לכתחילה אויסגעארבייט דורך דער פעראייניגונג פון זעלבסטשטענדיגע שניידער, זאטלער, קופער־שמידען, אייזען שמידען און סטאליארעס. עס איז זעלבסטפער־שטענדליך, אז דער אויסארבייטער פון עקיפאזשען האט געמוזט דיזע אלע זעלבסטשטענדיגע בעלי מלאכות פעראייניגען אין איין הויז. און דאס איז שוין א מאנופאקטור.

צווייטענס, איז די מאנופעקטור ענטשטאנען א דאנק דעם ענטוויקעלטען מארק, וואו עס איז געווארען א גרויסע נאכפראגע אויף פראדוקטען.

א בעל מלאכה ארבייט, ווי געזאגט, אויף בעשטעלונג. דער־צו דארף ער ניט האבען קיין גרויסען קאפיטאל. ווען איינער בע־שטעלט זיך א פאר שיך, קויפט דער שוסטער די לעדער, מאכט פארטיג, ברענגט אב און בעקומט דאס געלד, מיט וועלכע ער קען קויפען לעדער פאר א צווייטען קונד. ווען מען האט אבער אנ־געפאנגען, לאמיר זאגען, צו פאדערען שיך פון אן אנדער שטאדט, און ניט איין פאר, נאר א סך פאר מיט אמאל, דאן איז אן ארעמער

שוסטער שוין ניט געווען אימשטאַנד דאָס צו טהאָן. ערשטענס האָט ער זיך איבערהויפּט ניט געקענט אָבגעבען צו מסחר. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט און ניט קיין קענטנים דערצו. עס האָבען געמוזט זיין ספּעציעלע סוחרים דערפאַר. צווייטענס האָט ער ניט געהאַט אַזויפיעל געלד צו קויפען לעדער און איז אויך ניט געווען אימשטאַנד אויסצואַרבייטען אַזויפיעל שיך, וויפיעל דער מארק האָט געפאָדערט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ מענש מיט געלד, און דערצו האָט ער בעדאַרפט זיין אַ שטיקעל סוחר, וועלכער גיט זיך ספּעציעל אָב מיט פערקויפען סחורות. אַזאַ סאָרט מענש האָט זיך גלייך איינגעפונען. דער אינטערנעהמער, וואָס האָט געקענט פערווענדען שיך אויפ׳ן מארק, האָט אַליין גע־קויפט לעדער און אַנדערע רויהע מאַטעריאַל און האָט עס אין אָנ־פאַנג אָבגעגעבען מאַכען צו די שוסטערס אין דער היים. ער האָט געהאַט דערפון אַ סך נוצען. ערשטענס, דורך דעם, וואָס ער האָט געקויפט אַ סך רויהע מאַטעריאַל מיט אַמאָל, האָט איהם גע־קאָסט ביליגער; צווייטענס, דערמיט, וואָס ער האָט דעם בעל מלאכה געגעבען אַ סך אַרבייט — האָט ער, דער בעל מלאכה, איהם גערעכענט ביליגער, ווי אַ צופעליגען בעשטעלער. שפּעטער האָט דער אונטערנעהמער זיך מישב געווען, אַז עס לוינט איהם לחלוטין ניט, אַז זיינע סחורות זאָלען אויסגעאַרבייט ווערען אָהן זיין השגחה ביי יעדען בעל מלאכה אין דער היים. עס לוינט איהם בעסער אריינצונעהמען די אַלע בעלי מלאכות אין איין הויז, זיי זאָלען אַרבייטען טאַקע מיט זייערע אייגענע געצייג, אָבער אונטער זיין אויג. דאָס וועט איהם קאָסטען ביליגער, — האָט ער זיך גערעכענט. ערשטענס, וועלען די בעלי בלאכות בעסער אַרביי־טען, צווייטענס וועט קאָסטען ווייניגער בעלייכטונג און בעהייצונג. אויך דירה געלד פאַר די וואַרשטאַטען וועט זיין ווייניגער. ווי מיר האָבען שוין איינמאָל געזאָגט, קאָסט אַ סך ביליגער איין גרויסע דירה פאַר 20 בעלי מלאכות, איידער 20 קליינע דירות פאַר 20 בעזונדערע בעלי מלאָכות, אנב וועלען די בעלי מלאָכות ניט האָבען קיין שליטה אויף די יתור, די שטיקלעך און ברעקלעך, וועלכע בלייבען נאָך פון יעדער סחורה. כך הוה, ער האָט אויפגעהערט די בעלי מלאָכות צו געבען אַרבייט אַהיים און דיזע ווילענדיג, ניט ווילענדיג זיינען ענד־ליך געווען געצוואונגען צו געהן אַרבייטען ביי יענעם, ביים געלדגע־

בער און איינגענטימער.*) דאס איז שוין געווען א מאנופאקטור מיט אלע פיטשעווקעס.

אין אנפאנג, ווי מיר זעהען, בעשטעהט דערהויפט אונטערשייד צווישען מאנופאקטור און מלאכה אין דער גרויס פון דער אונטערנעהמונג, וואס פאדערט ספעציעלע מענשען און ספעציעלע קאפיטאלען. שפעטער אבער האט זיך אין דער מאנופאקטור, וואס איז לכתחילה ארויסגערופען געווארען דורך דער נויטווענדיגקייט אין א מאסען פראדוקציע, שטארק ענטוויקעלט די ארבייט־צוטיילונג.

ווען א סך ארבייטער ארבייטען צוזאמען ווייזט זיך גלייך ארויס ו ו ע ר פון די ארבייטער — אין דער שניידער אינדוסטרי למשל — איז מעהר פעהיג צו זיין א צושניידער; ווער א שטעפער; ווער א פעטעלקע מאכער א. א. וו. א בעל מלאכה אליין מוז מאכען אלע ארבייטען, דעם גאנצען פראדוקט פון אנפאנג ביז'ן סוף, אבער ווען א סך בעלי מלאכות זיינען צוזאמען קען ווערען אויסגעפיהרט, אז יעדערער זאל טהאן די ארבייט, צו וועלכער ער איז מעהר פעהיג, בפרט נאך, אז דאס וועט געבען בעסערע רעזולטאטען. דער אונטערנעהמער פון דער מאנופאקטור האט דאס גלייך איינגעזעהן און האט איינגעפיהרט די ארבייט־צוטיילונג. דיזע ארבייט־צוטיילונג האט געפיהרט דערצו, אז די אינסטרומענטען זאלען ספעציאליזירט און פערפאלקאמט ווערען. ביי א בעל מלאכה האט איין און דערזעלבער אינסטרומענט געדארפט דיענען אי ביים צושניידען, אי ביים שטעפען, אי ביי אנדערע ארבייטען. ביי מאנופאקטור האבען די צושניידער געהאט זייערע ספעציעלע אינסטרומענטען; די שטעפער — זייערע און די פעטעלקע־מאכער — זייערע. אלעס האט זיך צוטיילט און ספעציאליזירט. די פראדוקציעס, וועלכע האבען אויסגעארבייט אינסטרומענטען, האבען זיך בעמיהט צו מאכען פאר יעדען סארט ארבייט א ספעציעלען אינסטרומענט.

די ענטוויקעלטע ארבייט־צוטיילונג איז געווען א נאטירליכער רעזולטאט פון דער מאנופאקטור און האט טאקי דערגרייכט א־ן מאנופאקטור פעריאד א גרויסע מדרגה.

---

*) נאר דארטען, וואו די היים ארבייט איז בעזונדערס עקספלואטירט געווארען, ווי ביי דעם „סוועטינג סיסטעם", האט דעם אונטערנעהמער ניט געלוינט ארייננצונעהמען די ארבייטער ביי זיך אין א ספעציעלען פלאץ. ער האט בעסער ארויסגעגעבען די ארבייט אהיים.

די פאַבריק איז דאָס דריטע מעהר פערפּאָלקאָמטע סיסטעם פון דער טויש אָדער סחורה ווירטשאַפט.

די פאַבריק אַלס א גרויסער בעטריב האָט אין זיך אַלע מעלות פון דער מאַנופאַקטור, אָבער צייכענט זיך נאָך אויס דערמיט, וואָס אין איהר ווערט אָנגעווענדעט ד י מ א ש י ן. ד י מ א ש י ן איז א קאָמבינאַציע פון פיעלע איינפאַכע אינסטרומענטען, וועל־כע זיינען פערבונדען דורך א געוויסע מעכאַנישע קראַפט. די מעכאַנישע קראַפט ברענגט אין בעוועגונג די אינסטרומענטען און ניט דער ארבייטער, ווי ביי מלאכה אָדער ביי מאַנופאַקטור.

א דאַנק דער אָנווענדונג פון דער מאשין קען מען דורך איין און דערזעלבער מאָס ארבייט־קראַפט בעשאַפען מעהר פּראָדוקטען, ווי ביי דער מלאכה אָדער אפילו ביי דער מאַנופאַקטור. די אר־בייט מיט געוועהנליכע אינסטרומענטען איז בעשרענקט. די גע־וועהנליכע אינסטרומענטען מוזען שטענדיג האָבען ביי זיך א מענש, וועלכער קען ניט רעגירען מיט א סך אינסטרומענטען אויף איין מאָל. קיין מענש קען, א שטייגער, ניט שפּינען אויף צוויי שפּינד־לעך, אָדער שטריקען מיט אמאָל צוויי זאָקען. די מאשין אָבער איז ניט אזוי אָבהענגיג פון דער מענשליכער קראַפט. די מאשין קען פעראייניגען א סך אינסטרומענטען און ארבייטען מיט זיי אויף אמאָל. א דאַנק דער מאשין קען איינער וועבען מיט א סך וועבשטוהלען, שפּינען מיט א סך שפּינדלעך און שטריקען א סך זאָקען מיט אמאָל. די רעזולטאַטען פון דער ארבייט ווענדען זיך ניט פון דעם מענשען, וועלכער רעגירט מיט דער מאשין, נור פון דער מאשין'ס מעכאַניזם. וואָס בעסער און קאָמפּליצירטער די מאשין — אַלץ מעהר ארבייט, וואָס איינפאַכער די מאשין — אַלץ ווייניגער ארבייט. און אזוי ווי דער מעכאַניזם פון דער מאשין קען פערבעסערט און פערגרעסערט ווערען ביז דער אונענדליכקייט, טאָ קען ממילא אויך אָהן א סוף פערגרעסערט ווערען די פרוכטבאַר־קייט פון דער ארבייט. די טעכניק איז איצט שוין אזוי ענטוויי־קעלט, אז פיעלע מאשינען זיינען פעראייניגט צוזאַמען און יעדע מאשין טהוט מעכאַניש נאָר א ג ע ו ו י ס ע ארבייט. עס איז אין דער פאַבריק, בכן, פאַראַן אַן ארבייט־צוטיילונג צווישען די מאשינען אזוי ווי צווישען מענשען אין דער מאַנופאַקטור. אין די גרויסע דרוקערייען איז דאָס לייכט צו זעהן. איין מאשין דרוקט און א צווייטע מאשין וויקעלט די צייטונג. אָט די ביידע מא־שינען זיינען פעראייניגט מעכאַניש און עס איז נאָר גענוג איין

מענש (דער מאשיניסט) ביי דער ערשטער מאשין. די צווייטע מאשין בעקומט פון דער ערשטער די צייטונג אויף א מעכאנישען אופן אָהן דער הילף פון א מענש.

ביי דער מאנופאקטור שפּילען די פעהיגקייטען פון מענשען, זיין אינדיווידואַליטעט, א געוויסע ראָלע. ביי דעם פאבריק־סיס־טעם שפּיעלט א ראָלע ניט די פעהיגקייט פון מענשען, ניט זיינע ניי־גונגען און פערלאַנגען, נאָר זיין ארבייט־קראפט, זיין כח. די מע־כאנישע מאשינען, און ניט די אינדיווידואַליטעט פון ארביי־טער, שפּיעלען די ראָלע אין דער פאבריק.

ביי דער פאבריק פערלירט דער ארבייטער אין גאנצען זיין פערזענליכקייט, זיין אינדיווידואַליטעט אויך דורך דעם, וואָס די מאשין ענטוויקעלט די ארבייט־צוטיילונג, וואָס האָט זיך אָנגע־פאנגען אין דער מאנופאקטור, ביז דער העכסטער מדרגה. די אויסארבייטונג פון א פּראָדוקט ווערט צוטיילט אויף פיעלע פיעלע איינפאכע ארבייט־פּראָצעסען, און יעדער ארבייטער האָט נאָר צו ערפילען איין ארבייט־פּראָצעס, צו וועלכען מען דארף אפילו דעם קאָפּ ניט צולייגען. הענד פאָדערט די מאשין, אָבער ניט מענשען, וועלכע דענקען, וועלכע האָבען פעהיגקיי־טען. ביי דער פאבריק־סיסטעם איז דער מענש געוואָרען ערניד־ריגט ביז דער מדרגה פון א מעכאנישער ווערקצייג. ער איז גע־וואָרען א שרויף, א צוואָק פון דער מאשין. אין דער צייט, ווען ביי דער מלאכה — אין א געוויסער מאָס אויך ביי דער מאנו־פאקטור — איז דער פּראָדוקט אָבהענגיג פון דעם בעל מלאכה׳ס פעהיגקייטען, פון זיין אינדיווידואַליטעט איז ביי דער פאבריק דער פּראָדוקט אָבהענגיג פון דער מאשין. דער פאַרטיגער פּראָ־דוקט טראָגט ניט דעם שטעמפּעל פון ראובן׳ן אָדער שמעון׳ן, ווי ביי דער מלאכה. דער ארבייטער אין א שוך פאבריק אין מאַ־סאטשוזעטס וועט אַליין אייך שווער זאָגען, ווען איהר וועט איהם ווייזען א פארטיגע שוך, אויב ער האָט דערביי געארבייט אָדער ניט. דער פּראָדוקט איז ניט א רעזולטאט פון דעם׳ס אָדער יענעם׳ס ארבייט, נאָר פון מאסען־ארבייט, פון קאָלעקטיווער ארבייט.

אויך די סאָציאַלע לאגע פון ארבייטער ווערט אַלץ ערגער, וואָס מעהר די פאבריק ענטוויקעלט זיך. דער בעל מלאכה איז א זעלבסטשטענדיגער מענש, ער האָט זיך זיין שאפּ, זיינע אינסטרו־מענטען און טיילמאָל אויך דאָס רויה מאטעריאַל, וואָס איהם

איז נויטיג; דער ארבייטער אין א מאַנופאַקטור האָט שוין ניט קיין וואַשטאַט, קיין רויה־מאַטעריאַל, אָבער ער האָט נאָך זיינע אייגענע אינסטרומענטען; דער פאַבריק ארבייטער האָט שוין גאָר ניט, א חוץ זיין ארבייט־קראַפט.

ביי א פאַבריק סיסטעם בעמערקען מיר צווייערליי טענדענצען, ריכטונגען. פון איין זייט ווערט די ארבייט אזוי צוטיילט, צופּיצעלט, דאָס דער ארבייטער ערפילט נאָר א פּראָסטע איינפאַכע מעכאַנישע ארבייט, וואו ער דאַרף אפילו זיין קאָפּ ניט צולייגען. ער ווערט ערנידריגט צו דער מדרגה פון א לעבעדיגער ווערקצייג; פון דער אנדערער זייט ווערט די גאַנצע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע פון ארבייט, די פערוואַלטונג אַלץ מעהר פערוויקעלט, מעהר קאָמפּליצירט און איז פיעל שווערער, פאָדערט מעהר שכל און אונטערנעהמונגס גייסט, ווי ביי מאַנופאַקטור און מלאָכה.

די פאַבריק איז א מעהר ענטוויקעלטער אינדוסטריעלער אָרגאַניזם, וואו די פערשיידענע טיילען פערלירען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און ווערען אַלץ מעהר און מעהר אָבהענגיג פון׳ם צענטר, פון דער אָרגאַניזירענדער מאַכט. ביי דער מלאכה און מאַנופאַקטור זיינען די ארבייטער צווישען זיך ניט אזוי פערבונדען, ניט אזוי אָבהענגיג און ווען ביי אייניגע געהט די ארבייט ניט אזוי גוט, קענען דאָך די איבעריגע ארבייטער פאָרטזעצען זייער בעשעפטיגונג און דער גאַנצער געשעפט דאַרף ניט אָבגעשטעלט ווערען. ווען דער שטעפּער, למשל, איז קראַנק קען פון דעסטוועגען דער צושניידער זיין ארבייט פאָרטזעצען. דאָסזעלבע אויך פּערקעהרט. אין א פאַבריק איז איין גרופּע ארבייטער אָבהענגיג פון אַנאַנדער גרופּע. יעדע גרופּע בילדעט אין׳ם פאַבריק מעכאַניזם א נויטוועגדיגען שרויף און ווען איין שרויף שטעלט זיך אָב — מוז דערפון ליידען דער גאַנצער מעכאַניזם.

א צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע און דעצענטראַליזירטע ארבייט — אָט דאָס זיינען די כאַראַקטעריסטישע סמנים פון א פאַבריק סיסטעם.

אזוי ווי ביי די נאַטוראַל ווירטשאַפטען, זיינען אויך די דריי שטופען פון ענטוויקלונג — מלאכה, מאַנופאַקטור און פאַבריק — ביי דער טויש און סחורה־ווירטשאַפט ניט שאַרף אָבגעגרענעצט איינע פון דער אַנדערער. אין איין און דערזעלבער צייט און זאַגאָר אָרט טרעפען מיר זיי אָפט איינע נעבען דער אַנדערער. בעלי מלאכות טרעפען מיר אָפט אין דער צייט, ווען עס הערשט מאַנו־

פאקטור. די לעצטע קען נאָך ווירקען, ווען אפילו די פּראָדוקטען ווערען געשאפען לויט א פאבריק סיסטעם. בכלל אָבער, אין גרויסען און גאנצען, ווערט געוועהנליך יעדע צייט כאראקטעריזירט דורך א געווויסער ארט פּראָדוקציע, וואָס איז די הערשענדע — דאָס הייסט דער הויפּט מיטעל, ווי צו פּראָדוצירען די נויטיגע פּראָדוקטען.

אין היינטיגער צייט איז די הערשענדע פאָרם פון פּראָדוקציע דאָס פאבריק סיסטעם. די פאבריק דריקט ארויף איהר שטעמפּעל אויף אַלע צווייגען פון אונזער לעבען. זי איז דער מקור, די קוועלע פון דער מענשליכער חיונה. אָהן בעלי מלאכות קענען מיר נאָך ווי עס איז אויסקומען; אָהן פאבריקען — ניט. אויב עס זאָלען היינט אַלע פאבריקען אויפהערען צו גערן, וועלען אַלע אונזערע בעדערפניסען בלייבען ניט צופרידענגעשטעלט. מיר מוזען היינט האָבען אזא ארט פּראָדוקציע, וואו עס זאָל זיין מעגליך אויסצואַרבייטען א סך פּראָדוקטען מיט אמאָל. מיר נויטיגען זיך אין א מאסען פּראָדוקציע, ווייל מיר האָבען א מאסען פערברויך.

אין דער גאנצער פאָלקס-ווירטשאפט הערשט, ווי בעוואוסט, דער עקאָנאָמישער פּרינציפּ: „זעה צו עררייכען דעם גרעסטען נוץ ביי די קלענסטע אויסגאבען פון ארבייט און קאפּיטאל". דער דאָזיגער פּרינציפּ צו זיין שפּאָרעוודיג אין הוצאות און צו זעהן צו בעקומען מעהר הכנסה, קען אַם בעסטען דורכגעפיהרט ווערען דורך א פאבריק.

די גרויס קאפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, וואו די רויהע מאטעריאַלען, ווערקצייג, קויהלען און ארבייט-קראפט ווערען פערברויכט אויף א גרויסען מאסשטאב, איז ענג פערבונדען מיט דער פאבריק. אָהן א פאבריק סיסטעם זיינען אונמעגליך גרויס-קאפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען.

דער גרויס-קאפּיטאַליזם רעכענט זיין געבורט צייט פון סוף 18טען יאָהרהונדערט. אין יאָהר 1764 האָט אואַטט ערפונדען די ערשטע דאמפּף מאשין. עטוואָס שפּעטער האָט ארקראוט ענטדעקט די ערשטע וועב-מאשין. ביז יענער צייט האָט מען געוועבט אויף איינפאכע וועבשטוהלען. אין יאָהר 1785 האָט מען שוין אואַטט'ס דאמפּף-מאשין אָנגעפאנגען צו פערווענדען אין די וועבערייען, וואו מען האָט געארבייט מיט ארקראוט'ס מאשינען. די דאָזיגע מאשינען האָבען ארויסגערופען די

אינדוסטריעלע איבערקעהרענים, די אינדוסטריעלע רעוואלוציע און זיינען געווען דער אנפאנג פון די גרויס־קאפיטאליסטישע אונטער־נעהמונגען.

א דאנק דעם מאשינען־סיסטעם, וואס ווערט אנגעפיהרט מיט דער הילף פון דאמפף און עלקעטריציטעט, איז דער גרויס־קאפי־טאל אלץ מעהר און מעהר געוואקסען און איז געווארען דער הער־שער אין אונזער לעבען.



8־טע לעקציע.

# די לעהרע פון צירקולאציע אדער פון פונאנדערטיילונג

די נויטווענדיגקייט פון האַנדעל ; דער מאַרק און זיין בעדייטונג ; די געזעצען פון מאַרק ; דער ווערטה פון די סחורות ; פערשיידענע ווערטה טעאָריען ; סוביעקטיווע און אביעקטיווע שיטות ; דער געברויך ווערטה און דער טויש ווערטה פון אַ סחורה ; די בעגרינדונג פון דער נוצען־טעאָריע ; איהר ניט אויסגעהאלטענקייט ; די אַרבייטס־טעאָריע פון אדאם סמיטה ; דוד ריקאַרדאָ׳ס בעגרינדונג פון דער אַרבייטס טעאָריע ; דער פרייז פון די סחורות ; אָנגעבאָט און נאָכפראַגע ; די בעציהונגען צווישען ווערטה און פרייז.

נאָך דעם ווי מיר האָבען ארומגערעדט די פערשיידענע בע־דינגונגען פון דער פראָדוקציע, וועלען מיר איצט איבערגעהן צו דער לעהרע פון דער צירקולאַציע.

מיר לעבען היינט אין אַ סחורה־געזעלשאפט. ווי מיר ווייסען שוין אונטערשיידעט זיך די סחורה־געזעלשאפט פון די פריהערדיגע נאַטוראַל־געזעלשאפטען, ערשטענס, דורך דעם, וואָס די פראָדוקטען ווערען ניט געשאפען פאַר׳ן אייגענעם געברויך. יע־דערער בעשאַפט נאָר א י י ן סאָרט פראָדוקטען (אין דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאפט נאָר אַ ט י יל פון פּראָדוקט) פון יענער גרויסער צאָהל פ ע ר ש י י ד ע נ ע סאָרטען, וועל־כע זיינען נויטיג צום לעבען און, צווייטענס, דורך דעם, וואָס ס׳איז ניט פאראַן אַ געוויסער ווילען פון אַן אָרגאַניזאַטאָר, פון אַ מין ראש הקהל, וועלכער זאָל איינטיילען יעדערען די נויטיגע פראָדוקטען.

אום פּאָרט צו בעקומען די פערשיידענע לעבענס־מיטלען צו בעפרידיגען די בעדערפניסען, מוז יעדערער מסחר׳ן, האַנדלען, אויסבייטען זיינע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען איהם, פאַר זיך, צום אייגענעם געברויך, ניט נויטיג, אויף אַנדערע סאָרטען, וועלכע דער־פערקויפער ווידער קען פאַר זיך ניט געברויכען. און טאַקע דורך אָט דעם בייט, טויש, ווערען פערטיילט, צירקולירט די פראָדוקטען, וואָס די גאַנצע געזעלשאפט שאפט צווישען די איינציגע מיט־גליעדער.

די קראַפט, וועלכע אָרגאַניזירט דעם טויש, די צירקולאַציע פון די פּראָדוקטען, איז דער מ א ר ק.

א מאַרק ווערט געוועהנליך אָנגערופען דער פּלאַץ, וואו מען קויפט און מען פערקויפט סחורות. אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע פערשטעהט מען אונטער'ן וואָרט מאַרק — די סומע פון קויפער און פערקויפער, וועלכע בייטען צווישען זיך אויס — קויפען און פערקויפען — די סחורות.

דער מאַרק שפּיעלט אין דער סחורה־ווירטשאַפט דיזעלביגע ראָלע, וועלכע דער שקלאַפען־העררע, דער פּאַטריאַרך פון שבט און דער פעאָדאַל האָבען געשפּיעלט אין די נאַטוראַל־ווירטשאַפטען. דער מאַרק רעגולירט די צירקולאַציע פון די פּראָדוקטען, אַזוי ווי דער פאַרצייטיגער אָרגאַניזאַטאָר פון שבט. אויפ'ן מאַרק בעקומט, למשל, דער פאַרמער פאַר די תבואות, וואָס ער האָט מעהר, וויפיעל ער האָט נויטיג פאַר זיין אייגענעם בעדאַרף, קליידער, שיך, כלים, געצייג א. א. וו. דער שוסטער בעקומט פאַר שטיוועל, וואָס ער האָט געגעהט ניט פאַר זיך, מעהל, ברויט, קליידער, א דירה א. א. וו. דאָס גלייכען דער שניידער, דער בלעכער, דער בוימייסטער. מען בעשאַפט פּראָדוקטען לכתחילה פאַר'ן פערקויף און אויפ'ן מאַרק ווערט דאָס דיזער מסחר דורכגעפיהרט. און צום סוף, נאָך דעם, ווי אויפ'ן מאַרק זיינען שוין געטהאָן געוואָרען די פערשיידענע מסחרים; נאָך דעם, ווי אַלע האָבען געהאַנדעלט צווישען זיך, געטוישט, געצירקולירט די פערשיידענע סחורות, — קומט אויס, אַז, בכלל, האָט יעדערער בעקומען אַלץ וואָס איהם איז נויטיג. דער שניידער האָט ניט נאָר קליידער, נאָר אויך שטיוועל, א דירה, מעהל, ברויט; דער בעקער האָט ניט נאָר ברויט, נאָר אויך קליידער, א דירה, ווייץ, שטיוועל; דער שוסטער האָט ניט נאָר שטיוועל, נאָר אויך א דירה, ברויט, בעלייכטונג, קליידער א. א. וו.

דער מאַרק איז דאָך אָבער א בלינדע קראַפט, ער ווערט דאָך פון קיינעם ניט קאָנטראָלירט און אויפגעפאַסט, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, אַז ער זאָל קענען רעגולירען די צירקולאַציע פון די פּראָדוקטען? דער תירוץ איז, אַז די ערשיינונגען פון מאַרק זיינען ניט צופעליג, נאָר זיי ווערען רעגירט ד ו ר ך ג ע וו י ס ע ג ע ז ע צ ע ן. דיזע געזעצען רעגולירען דעם טויש און מאַכען, אַז פערשיידענע מענשען, אַרבייטענדיג ביי איין פּראָדוקט, זאָלען קענען בעקומען אַלע פּראָדוקטען, וואָס זיי איז נויטיג. דיזע

געזעצען בעשטימען, וויפיעל מענשען עס זאָלען זיך אָבגעבען מיט שניידעריי, וויפיעל מיט שוסטעריי, וויפיעל מיט אנדערע מלאכות. זיי בעשטימען אויך, וויפיעל מען זאָל בעקומען פאר איין פּראָדוקט און וויפיעל פאר א צווייטען פּראָדוקט. אָט די געזעצען בעשטימען דעם ווערטה פון די סחורות.

די פראַגע איבער דעם ווערטה פון די סחורות איז איינע פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען אין דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט. פיעלע טעאָריעס זיינען געבוים געוואָרען; פיעלע דיקע ביכער זיינען וועגען דעם געשריבען געוואָרען און מיר מוזען מודה זיין, אז נאָך עד היום הערשען גרויסע חלוקי דעות אין דער ווערטה טעאָריע.

ווי אזוי ווערט בעשטימט דער ווערטה פון די סחורות? אין פלוג ווייזט אויס, אז די סוחרים, וועלכע האנדלען מיט דער סחורה, בעשטימען דעם ווערטה, אז דאָס ווענדט זיך נאָר אָן זיי אליין.

אז די דאָזיגע מיינונג איז פאלש, קען מען זיך לייכט איבער־צייגען. מיר ווייסען גאַנץ גוט, א יעדע סחורה האָט אין פער־שיידענע ערטער און אין פערשיידענע צייטען א גאַנץ אנדער ווערטה. איין אייל טוך, למשל, קאָסט אין אמעריקא בילינער ווי אין רוסלאנד. אין רוסלאנד גופא ווידער האָט אָן אייל טוך גע־קאָסט מיט 40-50 יאָהר צוריק טייערער ווי איצט. אויב די אָבשאצונג פון די סחורות זאָל זיך ווענדען נאָר אָן די סוחרים, טאָ ווי קומט עס, אז גראד אין אמעריקא אָדער אין ענגלאנד קאָסט בילינגער, ווי אין רוסלאנד? אמת טאקי, די אמעריקאנער סוחרים זיינען גרויסע בריה'ס און האנדלען בעסער ווי די רוסישע, אָבער ווי קומט עס, אז גראד אין אמעריקא זיינען אלע חכמים און אין רוסלאנד — נאַראָנים? אמת, דעם אמעריקאנער סוחר קאָסט דאָס רויהע מאטעריאל און די מאשינען בילינער. אָבער אלץ קשה: פאר וואָס קויפט ער טאק יאיין בילינער, ווי דער רוסישער סוחר?

עס איז קלאָהר, ווי דער טאָג, אז ניט דער סוחר, אָדער פאב־ריקאנט בעשטימט דעם ווערטה, נאָר אז דער ווערטה פון א זאך ווערט בעשטימט אָהן זייער הסכמה, און אז זיי, די בעלי בתים פון דער סחורה, זיינען געצוואונגען צו האנדלען לויט דעם ווערטה, וואָס ליגט ערגעץ־וואו אינעווענינ אין דער סחורה גופא, וואו דער אייגענטימער האָט קיין שליטה ניט.

ווי אזוי קומט דער ווערטה? ווי ווערט ער בעשאפען? בכלל קען מען די פערשיידענע מיינונגען, וועלכע הערשען אי־

בער דעם ווערטה פון די סחורות, קלאַסיפיצירען אין צוויי הויפט־שיטות: 1) די סוביעקטיווע שיטה און 2) די אביעקטיווע שיטה.

ביידע שיטות זיינען קאָנסעקווענט און אויסגעהאַלטען און געהען ארויס פון דעם אנאַליז, פון דער אונטערזוכונג, וואָס מען האָט געמאַכט ביי די סחורות.

וועלכע אייגענשאַפטען דאַרף האָבען אַ סחורה, אום זי זאָל קענען פערקויפט און אויסגעביטען ווערען אויף אַן אנדער זאַך?

ערשטענס, זעהען מיר, אַז יעדע סחורה, אויסער איהרע פיזישע, כעמישע און מעכאַנישע אייגענשאַפטען, וואָס קומען איצט ניט אין אנבעטראַכט, מוז זיין נוצליך; זי מוז האָבען די אייגענשאַפט צופרידענצושטעלען אַ געוויסע בעדערפנים. שטיוועל, צ. ב., בעפרידיגען די בעדערפנים ניט צו געהן באָרוועס, טוך — ניט צו געהן נאַקעט א. א. וו. אָהן אַזאַ אייגענשאַפט קען קיין סחורה איבערהויפט ניט זיין. ווען אַ פּראָדוקט זאָל ניט זיין ניצליך, וועט קיינער איהם אפילו אין האַנד ניט וועלען נעהמען און ווער רעדט נאָך צו געבען אַן אנדער זאַך דערפאַר.

צווייטענס, זעהען מיר, אַז יעדע סחורה איז בעשאַפען דורך מענשליכער אַרבייט. סחורות, וואָס זאָלען ניט ענטהאַלטען מענשליכע אַרבייט, זיינען במציאות ניטאָ.

די דאָזיגע צוויי אייגענשאַפטען — די נוצליכקייט און די מענשליכע אַרבייט*) — געפינען מיר, ווען מיר אַנאַליזירען יעדע סחורה, יעדען פּראָדוקט, וואָס האָט די אייגענשאַפט אויסגעביטען צו ווערען אויף אַן אנדער זאַך. די נוצליכקייט פון פּראָדוקט איז אויך אַ סוביעקטיווע אייגענשאַפט, ווייל דאָס איז ניט פאַר אַלעמען גלייך. דאָס ווענדט זיך אָן יעדען סוביעקט. פאַר איינעם קען די זאַך האָבען אַ גרעסערען נוצען, פאַר'ן צווייטען אַ קלענערען נוצען. נעהמט, צ. ב., קליידער. אַ נאַקעטער וועט זיה מעהר אין זיי נויטיגען און זיי וועלען פאַר איהם האָבען אַ גרעסערען נוצען, ווי פאַר יענעם, וועלכער געהט ניט נאַקעט. די קוואַנטיטעט אַרבייט אָבער, וואָס איז איינגעשלאָסען אין דער סחורה, איז אַן אָביעקטיווע אייגענשאַפט. דאָס איז פאַר אַלעמען גלייך. דאָס קען ניט זיין פאַר איינעם מעהר, פאַר'ן צווייטען

*) די צוויי אייגענשאַפטען קענען אויך אָנגערופען ווערען די נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע זייטען פון דער סחורה.

ווייניגער, דען דאָס ווענדט זיך אָן די אַלגעמיינע אָביעקטיווע בע־דינגונגען פון דער פּראָדוקציע.

דער ווערטה פון יעדער סחורה מוז, פערשטעהט זיך, אויך אַרויסקומען בלויז פון אָט די אייגענשאַפטען: אָדער פון דער נוצליכקייט, אָדער פון דער מענשליכער אַרבייט.

די סוביעקטיווע שיטה בעהויפּטעט, אַז דער ווערטה שטאַמט פון דער סוביעקטיווער אייגענשאַפט, דערפון, וואָס דער פּראָדוקט האָט בכח צופרידענצושטעלען געוויסע בעדערפ־ניסען; די אָביעקטיווע שיטה בעהויפּטעט, אַז הגם יעדע סחורה מוז זיין נוצליך, אָבער איהר ווערטה ווערט בעשטימט ניט צוליעב דער נוצליכקייט, צוליעב איהר סוביעקטיווען כאַראַק־טער, נאָר צוליעב דעם, וואָס אויף איהר איז פערטהאָן מענשליכע אַרבייט, צוליעב איהר אָביעקטיווע אייגענשאַפט.

די טעאָריען, וועלכע געהערען צו דער ערשטער שיטה, זיינען אויך בעוואוסט אונטערען נאָמען: „די נוצען טעאָריען“; צו דער צווייטער שיטה: „די אַרבייטס־טעאָריען“.

די נוצליכקייט פון אַ זאַך, איהר אייגענשאַפט צו בעפרידי־גען אַ געוויסע בעדערפניס, ווערט ביי מאַנכע עקאָנאָמיסטען אָנגע־רופען דער געברויך־ווערטה, בעת אונטער׳ן טויש־ווערטה פערשטעהט מען איהר פעהיגקייט אויסגעביטען צו ווערען, אָדער דעם סכום פּראָדוקטען, וואָס דאַרפען פאַר איהר געגעבען ווערען.

אַ זאַך וואָס האָט אַ טויש־ווערטה מוז שוין במילא אויך האָ־בען אַ געברויך־ווערטה, ווייל ווען די זאַך וואָלט ניט זיין נוציג, וואָלט קיינער פאַר איהר גאָר ניט געגעבען. דערפון איז אָבער ניט געדרונגען, אַז אויב די זאַך האָט אַ געברויך־ווערטה — מוז זי אויך האָבען אַ טויש־ווערטה. עס זיינען פאַראַן סחורות מיט אַ גרוי־סען געברויך־ווערטה אָהן אַ שום טויש־ווערטה, ווי צ. ב. ליכט, לופט, וואַסער אין טייך א. אז. וו.

די עקאָנאָמיסטען, וועלכע האַלטען זיך ביי דער סוביעקטי־ווער אָדער נוצען טעאָריע, שטיצען זיך אויף דעם פּראָסטען שכל, דאָס יעדער מענש, שאַצט העכער דאָס, וואָס איהם איז מעהר נוצליך און נידעריגער דאָס, וואָס איהם איז ווייניגער נוצליך. איידער דער מענש געהט פערקויפען זיין סחורה — מיינען די דאָ־זיגע עקאָנאָמיסטען — וועגט ער פריהער אָב דעם שאָדען, וואָס ער וועט וועט האָבען, פון וועלכע בעדערפניסען ער וועט זיך מוז־זען אָבזאָגען, ווען זיין סחורה וועט איבערגעהן צו אַן אַנדערען אין

רשות און, פערקעהרט, דעם נוצען, וואָס ער וועט קענען האָבען פון דעם נייעם פּראָדוקט, וועלכער קומט אין זיין רשות און ווערט זיין אייגענטום. געהט א בעל הבית פערקויפען זיין הויז, קומט קודם כל אריין ביי איהם אין מח דער געדאנק, אז אָהן דעם הויז וועט ער זיך מוזען וואלגערען אין שכינות, ניט האָבען קיין אייגען ווינקעלע א. א. וו. פון דער אַנדער זייט אָבער שטעלט ער זיך פאַר דעם נוצען, וואָס ער וועט האָבען, בעקומענדיג דעם מזומן. פאַר דעם מזומן וועט ער קענען חתונה מאכען א טאָכטער א בוגרות, אָדער מאכען א שטיקעל עסק א. א. וו. אַט דער סוביעקטיווער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט ,וואָס רעכענט אוים, וועלכע בעדערפניסען עס איז וויכטיגער פאַר איהם זיי זאָלען זיין בעפרידיגט: צי די בעדערפנים אין אַן אייגען ווינקעל, צי די בעדערפנים א קינד חתונה צו מאכען — אַט דער סוביעקטיווער מאָמענט רעגולירט — בעהויפּטען די אַנהענגער פון דער סוביעקטיווער שיטה — דעם ווערטה פון די סחורות.

די פראַגע איז אָבער, אויב דער ווערטה פון א סחורה ווערט בעשטימט בלויז לויט דעם נוצען אָבער בשום אופן ניט דורך דער ארבייט, טאָ ווי קען מען ערקלעהרען דאָס, וואָס מען שעצט ניט ליכט, לופט און וואסער, זיי זיינען דאָך געוויס נוצליכע זאכען, פאַר וואָס האָבען זיי קיין ווערטה ניט? וואו בלייבט דער פּראָסטער שכל? אויסער דעם זעהען מיר אין פּראַקטישען לעבען, אז סחורות, וואָס בעזיצען א גרעסערען נוצען, בעפרידיגען וויכטיגערע מענשליכע בעדערפניסען, ווערען טיילמאָל געשעצט וועניגער, האָבען א קלענערען ווערטה, ווי יענע סחורות, וועלכע זיינען פיעל וועניגער נוצליך. גאָלד איז וועניגער נוצליך ווי אייזען און זיין ווערטה איז פון דעסטוועגען העכער ווי פון אייזען; דער נוצען פון א פונט ברויט איז גרעסער ווי דער נוצען פון א ברילּיאַנט, דער ווערטה פון א ברילּיאַנט איז אָבער ניט אין ערך גרעסער, ווי דער ווערטה פון א פונט ברויט. ווי קען מען דאָס ערקלעהרען לויט דער נוצען־טעאָריע?

די אַנהענגער פון די נוצען טעאָריעס גיבען אַן פערשיידענע תירוצים אויף אַט די קלאָץ־קשיות, אָבער וועגען אַט די ערקלעהרונגען און הגהות, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען אין דער דאָזיגער לעהרע, וועלען מיר איצט ניט מאריך זיין, ווייל מיר האָבען וועגען דעם אויספיהרליך גערעדט אַנדערשוואו.*)

*) זעה מיין בוך: „פּאָליטישע עקאָנאָמיע איהר ענטשטעהונג און געשיכטע" זייטע 103—89. א. ש. ז.

דאָ ווילען מיר גלייך צוטרעטען צו דער ארבייטס־טעאָריע.

דער ערשטער, וועלכער האָט בעהויפטעט, אַז דער ווערטה פון א סחורה ווערט בעשטימט ניט דורך איהר פעהיגקייט צופרידענ־צושטעלען א געוויסע בעדערפנים, נאָר דורך דער קוואנטיטעט ארבייט אין איהר, איז געוועזען אדאַם סמיטה.

אדאַם סמיטה שטיצט זיך אויף דעם געוועהנליכען אַלטענ־ליכען אמת, אַז אין אַלע צייטען און אין אַלע לענדער האַלט יעדער מענש טייער דאָס, וואָס איהם קומט שווער אָן און ניט אזוי טייער דאָס, וואָס איהם קומט לייכט אָן. „ווען ביי א יעגער פאָלק — איז אדאַם סמיטה מסביר — האָט דאָס פאַנ־גען א ביבער געקאָסט צוויי מאָל אזויפיעל ארבייט, ווי דאָס פאַנ־גען א הירש — איז דער ווערטה פון ביבער געווען צוויי הירשען. א זאַך, וואָס ענטהאַלט אין זיך צוויי טעג אָדער צוויי שעה אר־בייט, דאַרף זיין צוויי מאָל אזוי ווערטה, ווי א זאַך, וואָס ענט־האַלט נאָר איין טאָג אָדער איין שעה ארבייט". און ווייטער: „יעדער מענש קען זיין אָרעם אָדער רייך. דאָס ווענדעט זיך אָן דער סכום ארבייט, וואָס געפינט זיך ביי איהם אין רשות און מיט וועלכער ער קען זיך בענוצען".

ביי אדאַם סמיטה'ן איז אָבער שווער צו פערשטעהן, דורך וועלכער ארבייט דער ווערטה ווערט בעשטימט: צי דורך דער ארבייט, וואָס געהט אוועק אויפ'ן שאַפען דעם פראָדוקט, אָדער דורך דער מאָס ארבייט, וואָס מען קען בעקומען פאר'ן פראָדוקט. ווי עס איז צו זעהן פון זיין ווערק איז ער געווען מעהר נוטה צו דער צווייטער בעשטימונג. „דער ווערטה פון א געוויסער סחורה פאר איהר בעל הבית — זאָגט סמיטה — איז דעריבער אזויפיעל, וויפיעל ארבייט ער, דער בעל הבית, איז אימשטאַנד פאר איהר צו בעקומען און פאר איהר צו בעשטעלען". „ווען איינער קויפט א זאַך, רעכענט ער זיך אויס, וויפיעל ארבייט די זאַך קען איהם פערשפאָרען — ד. ה. וויפיעל ארבייט די זאַך טראָגט איהם איין". ביי סמיטה'ן, ווי מען זעהט, טראָגט דער סכום ארבייט, וואָס דורך איהם ווערט בעשטימט דער ווערטה, א ריין סוביעקטיווען כאַראַק־טער. מען רעכענט זיך ניט מיט דער ארבייט, וויפיעל דער פראָ־דוקט ענטהאַלט אין זיך, נאָר מיט דער ארבייט, וויפיעל דער פראָ־דוקט קען אריינברענגען, אָדער פערשפאָרען זיין אייגענטימער. סמיטה אַליין וויל צוגעבען דעם ווערטה א געוויסע אָביעקטיווע

פארב און צום סוף בעהויפּטעט ער, אַ זדער ווערטה ווערט בעשטימט פון דער מאָס ארבייט, וויפיעל דער פּראָדוקט שפּאָרט דעם אייגענטימער איין. דאָס איז דאָך שוין ווידער אַ סוביעקטיווע בעשטימונג. איינער קען פאַר'ן פּראָדוקט בעקומען אזויפיעל ארבייט, דער צווייטער אַ קלענערע אָדער אַ גרעסערע מאָס ארבייט.

דער געניאַלער עקאָנאָמיסט דוד ריקאַרדאָ, וועלכער האָט אָנגעוויזען אויף די אונקלאָהרקייטען אין סמיטה'ס לעהרע, קומט דעריבער צום כלל: אז, דער ווערטה פון אַ סחורה, אָדער דער ווערטה פון אנדערע סחורות, אויף וועלכע זי ווערט אויסגעביטען, איז די מאָס ארבייט, וויפיעל עס האָט געקאָסט דאָס אויסארבייטען די סחורה און ניט די מאָס ארבייט, וואָס מען קען דורך איהר בעקומען". ווען איין פּראָדוקט ווערט אויסגעביטען אויף אַ צווייטען פּראָדוקט הייסט עס, אַז די פּראָדוקציע, דאָס שאַפען פון איין פּראָדוקט קאָסט אזויפיעל ארבייט, ווי דער שאַפען פון צווייטען פּראָדוקט.

ריקאַרדאָ ערקלעהרט זיין טעאָריע אויף אזא אופן: „אויב אַ ראָק, וואָס ענטהאַלט אין זיך, אַ שטייגער, 100 שעה ארבייט, וועט פערקויפט ווערען פאַר אַ פּאָר שטיוועל, וואָס ווערט פּראָדוצירט מיט 50 שעה ארבייט, וועט דאָך אויסקומען, אַז דעם שניידערס ארבייט ווערט געשאַצט אויף אַ העלפט ווענינער, ווי שוסטערשע ארבייט. דער שניידער וועט מוזען ארבייטען אויף זיין חיונה דאָפּעלט אזויפיעל, ווי אַ שוסטער. דאָס איז דאָך אַ זאַך, וואָס ס'איז אונמעגליך, ווייל אַלע שניידערס וועלען אָנפאַנגען צו לערנען זייערע קינדער שוסטעריי. מיר לעבען דאָך אין אַ געזעלשאַפט, וואו יעדער האָט דאָס רעכט אויסצוקלייבען די מלאכה, וואָס ער וויל. דער פּועל יוצא וועט זיין, אַז אונזער געזעלשאַפט וועט מיט דער צייט האָבען זעהר פיעל שוסטערס און וועניג שניידערס. דאָס וועט פיהרען דערצו, אַז שניידעריי וועט ווערען תקיף. און אויף שוסטערשע ארבייט וועט ווערען אַ זול. אָט צוליעב דער פרייער קאָנקורענץ, וואָס יעדערער קען זיך אויסקלייבען די מלאכה, וואָס ער וויל, ארבייט זיך אוים בלינדערהייט, אָהן אַ שום ווילען פון וועמען עס איז, דאָס געזעץ, אַז ביי אַנדערע גלייכע בעדינגונגען האָט אַ געוויסע מאָס ארבייט פון איין מלאכה אזא ווערטה, ווי דיזעלבע מאָס ארבייט פון אַ צווייטער מלאכה און דאָס איז

טאַקי די אורזאַך, וואָס אין יעדער צייט איז אומגעפעהר פאַראַן אין דער געזעלשאַפט די נויטיגע צאָהל בעלי מלאכות פון פערשיידענע צווייגען פון דער אינדוסטריע, ווייל די ארבייט־קראַפט ווערט אין אַלע צווייגען גלייך געשאַצט און פערווערטהעט.

עס איז דאָ קלאָר צו זעהן אין דער בעגרינדונג פון דער ווערטה־טעאָריע דעם אונטערשייד צווישען סמיטה׳ן און ריקאַר־דאָ׳ן. סמיטה בעגרינדעט דאָס אָביעקטיווע געזעץ פון ווערטה סוביעקטיוו, פסיכאָלאָגיש.ער שטיצט זיך אויף דער פסי־כאָלאָגיע פונ׳ם מענש, וועלכער שאַצט טייערער דאָס, וואָס ס׳קומט שווער אָן און לייכט דאָס, וואָס ס׳קומט גרינג אָן. ריקאַרדאָ בע־גרינדעט עס אָביעקטיוו. לויט די אָביעקטיווע בעדינגונ־גען פון אונזער געזעלשאַפט, לויט דעם געזעץ פון פרייער קאָנקור־רענץ — זאָגט ריקאַרדאָ — מוזען גלייכע מאַסען ארבייט האָבען גלייכע ווערטהען און ניט צוליעב די געפיהלען און געדאַנקען פון איינציגע מענשען.

ריקאַרדאָ איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט בעוויזען, אַז די בעדינגונגען, וועלכע בילדען דעם ווערטה, זיינען ניט צו־פעליגע, סוביעקטיווע, וואָס זיינען ניט אַלע מאָל שטענדיג און פעסט, נור ריין אָביעקטיווע, פעסט אוועקגעשטעלטע און ליגען אין דעם יסוד פון אונזער געזעלשאַפטליכער געביידע — אין דער פרייער קאָנקורענץ, אָבער ניט אין אונזער „איך“.

צאָהלט מען פאַר יעדער סחורה לויט איהר ווערטה נאָך?

ניין!

דער ווערטה פון דער סחורה איז ניט דאָסזעלבע, וואָס מען קריגט פאַר איהר ביים פערקויפען.

דער ווערטה איז ניט דאָס זעלבע, ווי דער פרייז.

**דער פרייז פון דער סחורה איז די קוואַנטיטעט פראָדוקטען, אָדער, אין איצטיגער געזעלשאַפט, דאָס געלד, וואָס מען צאָהלט פאַקטיש פאַר איהר.**

דער ווערטה פון דער סחורה ווערט בעשטימט אין דער פראָ־דוקציע, בעת דער פרייז — אויפ׳ן מאַרק. ווען אונזער גע־זעלשאַפט וואָלט געווען אָרגאַניזירט און יעדער סאָרט פראָדוק־טען וואָלט אויסגעאַרבייט געוואָרען פונקט וויפיעל עס איז נויטיג צום געברויך, וואָלט דער פרייז מיט׳ן ווערטה זיך קיין מאָל ניט פערנאַנדערגעגאַנגען, זיי וואָלטען אימער געווען גלייך. 10 שעה

ארבייט פון איין סחורה וואָלט פאַקטיש אויסגעביטען געוואָרען אויף 10 שעה ארבייט פון אן אנדער סחורה. אונזער ווירטשאפט איז אָבער ניט אָרגאַניזירט. איינער וויים ניט פון צווייטען אין עס קומט דעריבער אויס, אז אנדערע פּראָדוקטען ווערען אן אנ־דערש מאָל פּראָדוצירט מעהר וויפיעל זיי זיינען נויטיג, אן אנ־דערש מאָל — ווענינער וויפיעל זיי זיינען נויטיג.

אין ערשטען פאַל איז דער אָנגעבאָט — די קאָנקורענץ צווי־שען די פערקויפער — א גרעסערע, און די נאָכפראַגע — די קאָנ־קורענץ צווישען די קויפער — א קלענערע. דער פועל יוצא וועט זיין, אז דער פּראָדוקט וועט פאַלען אין פּרייז, ער וועט פערקויפט ווערען ווענינער, ווי ס'איז זיין ווערטה.

אין צווייטען פאַל וועט זיין פערקעהרט. די נאָכפראַגע וועט זיין גרעסער, ווי דער אָנגעבאָט און דער פּראָדוקט וועט פערקויפט ווערען פאר העכער ווי זיין פּרייז. דער פּרייז איז אויף אזא אופן קיין מאָל ניט גלייך צום ווערטה, אמאָל איז ער העכער, אמאָל איז ער נידעריגער. דער פּרייז ווענדט זיך פון דעם צושטאַנד פון מארק. פון דעם סכום סחורות, וועלכע זיינען דאָרטען פאַראן.

דזשאהן סטוארט מילל האָט זעהר ריכטיג פערגליכען די בע־ציהונגען פון פּרייז צום ווערטה מיט די כוואַליעס פון ים צו זיין אויבערפלאַך. די כוואַליעס הויבען זיך אמאָל אויף העכער ווי די אמת'ע ים־אויבערפלאַך און אמאָל לאָזען זיי זיך ארונטער נידעריגער.

א ביישפּיעל וועט אונז קלאָהרער מאכען דעם ענין. לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז 10 סענט ענטהאַלט אין זיך א שעה ארבייט. ווען איינער האָט א סחורה, לאָמיר זאָגען א הוט, וואָס ענטהאַלט אין זיך 10 שעה ארבייט, וועט איהר ווערטה זיין 1.00 דאלער. דער וואָס האָט אָבער אויסגעארבייט דעם הוט, האָט ניט גענוי געוואוסט דעם צושטאַנד פון מארק און האָט געבראַכט צו פער־קויפען היט מעהר, וויפיעל מען פאָדערט. עס איז פאָרגעקומען א קאָנ־קורענץ צווישען איהם און אנדערע הוט־מאַכער. זיי האָבען גע־מוזט ארונטערלאָזען פון פּרייז. זיי האָבען געמוזט פערקויפען א הוט, וואָס ענטהאַלט אין זיך 10 שעה ארבייט, פאר 90 סענט, מיט 10 סענט ווענינער, ווי איהר אמת'ר ווערטה איז.

וואָס וועט אָבער שפּעטער דערפון ארויסקומען? ווען די קירזשנער זעהען, אז היט פערקויפען זיך פאר וויינינער, ווי זיי־

ער ווערטה, וועלען זיי אָנפאַנגען ווייניגער צו פּראָדוצירען. צום צווייטען סעזאָן וועלען זיי שוין ברייננגען פיעל ווייניגער סחורה אויפ'ן מארק. זיי וועלען ברייננגען ווייניגער סחורה, וויפיעל מען פּאָדערט. די נאָכפראַגע אויף די היט וועט זיין גרעסער ווי דער אָנגעבאָט. די קאָנקורענץ וועט פאַרקומען ניט צווישען די פער־קויפער, נאָר צווישען די קויפער. דער פּועל יוצא וועט זיין, אז די היט וועלען שטייגען אין פּרייז. מען וועט פאר יעדען הוט געבען ניט נאָר 1 דאָלאַר, וויפיעל זיין ווערטה איז, נאָר מעהר ווי א דאָלאַר, אומגעפעהר 1.10. אין דעם פּאַל איז דער פּרייז העכער פון ווערטה.

אין יעדען בעזונדערען סעזאָן קען אמאָל דער פּרייז זיין נידריגער פאר'ן ווערטה, און אמאָל העכער פאר'ן ווערטה. ווען מיר זאָלען אָבער צוזאַמענלייגען דעם סך־הכל פון די פּרייזען, וואָס מען קריגט פאר די סחורות אין צוויי סעזאָנען און זיי צו־טיילען אויף דעם ווערטה, וועט אויסקומען, אז אין אַלגעמיינעם איז די סומע ווערטהען גלייך צו דער סומע פון די פּרייזען. אין אונזער ביישפּיעל איז דער פּרייז פון צוויי היט אין צוויי סעזאָנס געווען $2.00 (1.10+90) און דער ווערטה פון דיזעלבינע היט $2.00 (1+1).

---

נאָך ריקאַרדאָ'ס טעאָריע קומט אויס, אז דאָרטען, וואו די מלאָכות קענען ניט אויסגעקליבען ווערען לויט דעם פערלאַנג פון יעדען מענשען, ווען צ"ב שניידערס קענען זייערע קינדער שוסטעריי ניט לערנען: צי ווייל דאָס געזעץ פערבאָט איבערצו־געהן פון איין מלאכה צו דער צווייטער (אזוי ווי עס איז געווען אין מיטעלאַלטער אין דער צייט פון די צעכען), צי ווייל שוס־טעריי פּאָדערט אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען, וועלכע זיינען ביי א מיטעלען מענשען ניט פאַראַן — דאַן קען טאַקי לויט ריקאַרדאָ'ן די מאָס ארבייט פון שוסטעריי האָבען א גרעסערען ווערט, ווי דיזעלביגע מאָס ארבייט פון שניידעריי, און דער פּרייז וועט אויך ניט רעגולירט ווערען לויט דער פרייער קאָנקורענץ, ווייל שוסטעריי איז ניט א מלאכה, וועלכע יעדער איז אימשטאַנד און פעהיג צו לערנען און ממילא איז זי אויסגעשלאָסען פון דער פרייער קאָנקורענץ. דערמיט ערקלעהרט זיך טאַקע גאַנץ גוט דער פאַקט, וואָס דער ווערטה און דער פּרייז פון געוויסע זעל־טענהייטען, ווי צ"ב די בילדער פון א גרויסען קינסטלער, ווערען

ניט געשאצט לויט דער מאָס ארבייט, וואָס אין זיי איז פערקער־פערט, ווייל זעלטענהייטען ליגען ניט אונטער דער פרייער קאָנ־קורענץ. דאָס זעלבע איז אויך מיט אזוינע זאכען, וועלכע ליגען אונטער א מאָנאָפּאָל. זייער ווערטה און פּרייז ווערען ניט געשאצט לויט דער מאָס ארבייט, ווייל זיי זיינען אויסגעשלאָסען פון דער פרייער קאָנקורענץ.

אין אונזער געזעלשאפט זיינען פאראן פיעל זאָרטען סחורות, אויף וועלכע די פרייע קאָנקורענץ האָט קיין שליטה ניט, און במילא זיינען זיי לויט ריקארדאָ'ן אויסגעשלאָסען פון דעם מאָס־שטאב, מיט וועלכען עס ווערען אויסגעמאָסטען די ווערטהען פון אלע אנדערע סחורות.

ווי ווערט אָבער פאָרט בעשטימט דער ווערטה און דער פּרייז פון אזוינע סחורות? מיר האָבען בעמערקט, אז בילדער פון א קינסטלער, מאָנאָפּאָל־זאכען, ענטדעקונגען פון וויסענשאפטסמענער א. אז. וו. ווערען ניט געשאצט לויט דער מאָס ארבייט. ווי דען זשע ווערען זיי געשאצט? מיט וועלכען מאסשטאב מעסטען מיר זייער ווערטה און פּרייז? פון וועמען, פון וועלכע בעדינגונגען זיינען זייער ווערטה און פּרייז אבהענגיג? ריקארדאָ גיט ניט דערויף קיין ענטפער. אַן ענטפער אויף אָט די פראגען געפינען מיר אין דער טעאָריע פון דעם גאון קארל מארקס, וועלכער האָט די ארבייט־טעאָריע מיט אזעלטענער חריפות ענטוויקעלט און איהר דערהויבען צו איינע פון די זעלטענסטע קאָסטבארקייטען אין דעם אוצר פון מענשליכען געדאנק.



## 9טע לעקציע

# מאַרקס׳ ווערטה-טהעאָריע

דער צד חשוה פון פערשיידענע סחורות אויף׳ן מאַרק; די אַרבייט קראַפט אַלס די איינציגע אייגענשאַפט, לויט וועלכער די סחורות קענען פערגליכען ווערען; דער אונטערשייד צווישען מאַרקס און ריקאַרדאָ; די געזעלשאַפטליכע נויטיגע אַרבייט אַלס אַ מאָס צו מעסטען ווערטהען; איינפאַכע און קוואַליפיצירטע אַרבייט; די מאָס צו מעסטען קוואַליפיצירטע אַרבייט; ווי דער פּרייז ווערט בעשטימט לויט מאַרקס׳ טעאָריע; אַ פערזוך צו ערקלעהרען אַלע ערשיינונגען אויפ׳ן מאַרק מיט מאַרקס ווערטה טעאָריע.

מאַרקס איז מסכים מיט ריקאַרדאָ׳ן, אַז דער ווערטה פון די סחורות ווערט בעשטימט לויט דער מאָס אַרבייט, וואָס אין איהר איז אריינגעטהאָן. אָבער אויסער דעם וואָס די בעגרינדונג פון דער טעאָריע איז ביי מאַרקס׳ן אַ גאַנץ אַנדערע, ווי ביי דיקאַרדאָ, האָט מאַרקס נאָך בעסער אונז קלאָהר געמאַכט דעם גאַנצען ענין אַזוי, אַז מיר קענען מיט זיין ווערטה־טעאָריע ערקלעהרען אַלע ערשיינונגען פון מאַרק.

אום גענויער צו בעווייזען זיין לעהרע, נעהמט מאַרקס אַלסביישפּיעל אַזאַ סאָרט געזעלשאַפט, וואו געלד איז ניט דער פערמיטלער צווישען סחורות; אַזאַ פאַל, וואו די סחורות ווערען אויסגעביטען איינע אויף די אַנדערע דירעקט אָהן אַ שום פערמיטלער, וואו דער קויפער מיט׳ן פערקויפער האָבען אין זייער האַנדעל זיך ניט בענוצט מיט געלד, נאָר האָבען גע׳חלופ׳ט דירעקט סחורות אויף סחורות.

אַ וועבער, למשל, האָט אויסגעוועבט 20 איילען לייווענד, וועלכע זיינען איהם ניט נויטיג פאַר׳ן אייגענעם געברויך; אַ שניידער ווידער האָט אויפגענעהט אַ ראָק, אין וועלכען ער אַליין נויטיגט זיך ניט. ווען דער וועבער מיט׳ן שניידער בעגעגענען זיך, בייטען זיי אויס זייערע פּראָדוקטען צווישען זיך, ווייל אַלעמען איז בעוואוסט, אַז 20 איילען לייווענד קאָסטען אַזוי פיעל, וויפיעל עס קאָסט איין ראָק. דער וועבער אַרבייט פאַרווערטס. די לייווענד, וועלכע ער וועבט אַלץ ווייטער מעהר, בייט ער אויס אויף פערשיידענע מעבעל און פיעלע אַנדערע זאַכען, וועלכע

זיינען איהם נויטיג. 20 איילען לייננוועגד האָט ער, למשל, אויס־געביטען אויף א בעט; נאָך 20 איילען אויף א טיש; אנדער 20 איילען אויף א חודש דירה; נאָך 20 איילען אויף 2 פוד ברויט א. אז. וו. אין יעדען מסחר, וואָס דער וועבער האָט דאָ גע־מאַכט, איז דער ווערטה פון די אויסגעביטענע סחורות געווען גלייך. 20 איילען לייוועגד האָט דעמזעלבען ווערטה, ווי א ראָק, — ווי א בעט, ווי א טיש, ווי א דירה אויף א חודש, ווי 2 פוד ברויט.

פערצייכענען מיר דאָס אויף פאַפיער, בעקומען מיר אזא מין רשימה:

20 איילען לייוועגד זיינען גלייך צו 1 ראָק,
20 " " " " " 1 בעט,
20 " " " " " 1 דירה (אויף א חדש),
20 " " " " " 2 פוד ברויט.

די אויסגערעכענטע סחורות זיינען זאַכען, וועלכע זיינען נוי־טיג צום פ ע ר ש י י ד ע נ ע ם געברויך, זיי שטעלען צו־פרידען פ ע ר ש י י ד ע נ ע, ניט איינע און דיזעלבע בעדירפ־ניסען. ברויט שטילט דעם הונגער; לייוועגד און א ראָק זיינען מלבושים; א בעט און א טיש זיינען מעבעל. יעדע פון די אויס־גערעכענטע סחורות דיענט דאָ פאַר אַן אנדער צוועק. דער נוצען, וואָס מען האָט פון איין סחורה, איז אַנדערש פון דעם, וואָס מען האָט פון א צווייטער סחורה. די אַלע סחורות האָבען פער־שיעדענע ג ע ב ר ו י ך ־ ו ו ע ר ט ה ע ן. די געברויך־ווער־טהען זיינען צווישען זיך פערשיידען אזוי ווי עס איז פערשיידען דאָס רויהע מאַטעריאַל, פון וועלכען זיי זיינען געמאַכט געוואָרען. לייוועגד איז געוועבט פון פעדים, א טיש איז געמאַכט פון האָלץ, א דירה איז אויפגעבויט פון ציגעל, האָלץ און אייזען א. אז. וו.

די ניט־גלייכע געברויך־ווערטהען פיהרען טאַקע צום מסחר. ווען די געברויך־ווערטהען וואָלטען געווען אַלע גלייך, וואָלט קיין שום האַנדעל ניט געקענט זיין. קיינער וועט דאָך ניט נעהמען בייטען לייוועגד אויף לייוועגד, א בעט אויף א בעט א. ד. ג. אויסגעביטען איינע אויף די אַנדערע קענען נאָר ווערען סחורות נ י ט ג ל י י כ ע, אזוינע, וועלכע בעפרידיגען ניט איין און דיזעלביגע בעדערפניסען, וועלכע האָבען ניט גלייכע געברויך־ווערטהען.

איצט פרעגט זיך, וויבאַלד אז די געביטענע סחורות טאָ־רען ניט זיין גלייך, טאָ ווי קען מען איבערהויפט זיי פערגלייכען

איינע צו דער אַנדערער? אויבען האָבען מיר פערצייכענט אַ רשימה, אַז 20 איילען לייווענד זיינען גלייך צו איין ראָק. יעדערער, וועלכער איז נאָר עטוואָס בעקאַנט מיט מאַטעמאַטיק, ווייס, אַז פערגלייכען קען מען נור זאַכען, וועלכע האָבען איינע אין דיזעלביגע אייגענשאַפטען, דיזעלביגע קוואַליטעטען (איכות). עס איז, למשל, זעהר נאַריש צו פערגלייכען ציפער צו מעבעל, מעבעל צו אַ מלבוש א. אַז. וו. ווען מיר פערגלייכען יע 20 איילען לייווענד צו אַ ראָק, איז דאָך מסתמא צווישען זיי פאַראַן אַ צד־השוה, אַ גלייכע אייגענשאַפט, אַז ניט וואָלטען זיי דאָך ניט געקענט פערגליכען ווערען. וואָס איז דער צד השוה, דער אַלגעמיינער שטריך פון די פערשיידענע סחורות? מיר קענען ניט זאָגען, אַז דער צד השוה פון די סחורות זאָל זיין זייער נוצליכקייט, זייער נאַטירליכע זייט, זייערע געברויך־ווערטהען, ווייל די נוצליכקייט פון יעדער סחורה איז פערשיידען, און אויב ניט די נוצליכקייט, טאָ איז אין די סחורות קיין אַנדער צד השוה ניט פאַראַן, ווי זייער געזעלשאַפטליכע זייט, די מאָס אַרבייט, וואָס איז אין זיי פערטהאָן געוואָרען. דאָס איינציגע, וואָס בעשטימט דעם ווערטה פון אַלע פּראָדוקטען, ביים פערקויף, איז דער מענשליכער כח, די אַרבייט־קראַפט. אַלע פון די אויבענדערמאָנטע בעלי מלאכות האָבען ביי זייערע פּראָדוקטען געהאָרעוועט. אַי דער שניידער, אַי דער וועבער האָבען אויסגעגעבען פון זיך ענערגיע צו בעשאַפען זייערע סחורות. אַט די אַרבייט־קראַפט, די מענשליכע ענערגיע, וואָס איז פערברויכט געוואָרען אויף יעדער סחורה בעזונדער, איז דער צד השוה פון די סחורות, צוליעב וועלכען זיי קענען פערגלייכען און אויסגעביטען ווערען איינע אויף די אַנדערע.

די אייגענשאַפט פון דער אַרבייט, וועלכע איז פערווענדעט געוואָרען אין וועבען, איז טאַקע גאַנץ אַנדערש פון דער אַרבייט, וועלכע איז פערווענדעט געוואָרען ביים נעהען דעם ראָק אָדער ביים בויען דאָס הויז. ביי יעדען פּראָדוקט אַרבייט מען מיט פערשיידענע מוסקולען, מיט פערשיידענע נערוועז. אַ שניידער, למשל, אַרבייט מעהר מיט זיינע הענד, אַ וועבער מעהר מיט די פיס, אַ לעהרער מעהר מיט'ן מח און האַרץ. ביים מסחר ווערט

אבער פערגליכען ארבייט־קראפט בכלל, מענשליכע כח, ניט קוי־קענדיג אויף די מוסקולען אדער נערוועז, וועלכע עס זיינען דא אנ־געווענדעט געווארען. ווען מיר פערגלייכען 20 איילען לייווענד צו איין ראק, מיינען מיר דערמיט צו זאגען, אז 20 איילען לייווענד ענט־האלטען אין זיך אזוי פיעל מענשליכען כח בכלל, וויפיעל עס ענטהאלט אין זיך איין ראק.

מען זעהט דא קלאהר די גרויסע נפקא מיניה צווישען ריי־קארדא'ס און מארקס' ערקלעהרונג. אין דער צייט, ווען ריי־קארדא'ס ערקלעהרונג נעהמט נאר ארום די סחורות, וועלכע קענען פריי פון יעדען איינציגען אויסגעארבייט ווערען, נעהמט מארקס' ערקלעהרונג ארום אלע סחורות, אפילו די, וועלכע ליגען אונטער א געוויסער מאנאפאל, אדער זיינען זעהר זעלטען. נאך מארקס'ן קומט אויס, אז דער פאקט, וואס איין פראדוקט ווערט אויסגעגביטען מיט א צווייטען, ווייזט, אז ער ווערט געשאצט לויט דער מאס ארבייט וואס אין איהם איז פערקערפערט. יעדער טויש, יעדער מסחר איז א פערגלייכונג און פערגליכען ווערען קענען נור אזוינע זאכען, וועלכע האבען געמיינשאפטליכעס צווי־שען זיך, און אט דאס געמיינשאפטליכע איז ניט אנדערש, ווי די ארבייט־קראפט.

די מאס ארבייט־קראפט אין יעדער סחורה ווערט אויסגע־מאסטען מיט דער צייט, ד. ה. מען שאצט אב וויפיעל, א שטייגער, שעה ארבייט עס דארף דויערן דאס בעשאפען די סחורה. 20 איילען לייווענד ווערען אויסגעביטען אויף 1 ראק דערפאר, ווייל די פערווענדונג פון ארבייט־ענערגיע בכדי צו בעשאפען 20 איילען לייווענד דארף דויערען אזוי פיעל צייט, וויפיעל עס דארף דויערען דאס בעשאפען א ראק.

מיר זאגען דא בכיון: דארף דויערען, ווייל מען קוקט ניט ווי פיעל צייט עס דויערט אין אמת'ן דאס אויס־ארבייטען א פראדוקט ביי יעדען יחיד בעזונדער. ווען דאס וועבען 20 איילען לייווענד דארף ביי א דורכשניטליכען ארבייטער מיט מיטעלע פעהיגקייטען דויערן 10 שעה און דאס אויפנייהען 1 ראק אויף 10 שעה, דאן וועלען זיי ביידע האבען א גלייכען ווערטה.

טרעפט עס, למשל, אז דער וועבער איז זעהר א געשקיטער־ארבייטער, אז אויסנאהם אין זיין פאך, און ער וועבט אויס די 20 איילען לייווענד אין 5 שעה, וועט ער אלץ קריגען דעם ראק,

ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אין ראָק איז פאַראַן 10 שעה אַר־בייט און אין דער לייווענד נאָר 5 שעה, מען קוקט בכלל וויפיעל עס ד אַ ר ף דויערען אַ דורכשניטליכען אַרבייטער, אָבער ניט, וויפיעל עס האָט פאַקטיש געדויערט איינעם אָן אויסנאַהם, אַ יוצא מן הכלל. דאָס גלייכען פערקעהרט, ווען דער וועבער, אַ שטייגער, איז אַ פוילער אָדער בכלל זעהר אַ לאַנגזאַמער אַרביי־טער, אָדער ווען ער אַרבייט מיט אַלטע, פּראָסטע געצייג און דאָס אויסוועבען די 20 איילען האָט איהם געדויערט 20 שעה, קאָן ער ניט פאָדערן 2 ראָק דערפאַר, ווייל מען קוקט ניט, וויפיעל ע ר האָט געאַרבייט, נאָר ו ו י פ י ע ל ע ס ד אַ ר ף ד ו י ע ר ע ן ב כ ל ל אַ ד ו ר כ ש נ י ט ל י כ ע ן אַ ר ב י י ט ע ר מ י ט ד ו ר כ ש נ י ט ל י כ ע פ ע ה י ג ק י י ט ע ן, ב י י ג ע װ ע ה נ ל י כ ע א י נ ס ט ר ו מ ע נ ט ע ן, ב י י ג ע װ ע ה נ ל י כ ע אַ ר ב י י ט ־ מ ע ט אָ ד ע ן א ו ן ב י י אַ ג ע װ ע ה נ ל י כ ע ר א י נ ט ע נ ס י װ ־ ק י י ט.

מיר ווילען דאָ נאָך אַמאָל דערמאָנען, וואָס מיר האָבען ביי אַן אַנדער געלעגענהייט שוין בעמערקט. אַלס איינהייט אויסצו־מעסטען די אַרבייט־צייט נעמט מען פּראָסטע, איינפאַכע אַרבייט, וואָס פאָדערט ניט קיין איבונג. די סאָרטען אַרבייט, צו וועלכע מען דאַרף זיך לערנען, איבען, ווערען אַנגערופען „קוואַליפיצירטע אַרבייט“ און ווערען געשאַצט איינינגע מאָהל מעהר, ווי די איינ־פאַכע אַרבייט.

ווען אַ מעכאַניק אַרבייט, למשל, בלויז 6 שעה, וועט ער קריגען פאַר זיין אַרבייט, אַ שטייגער ווי פאַר 18 אָדער מעהר שעה פּראָסטע אַרבייט. ווייל דעם מעכאַניקער האָט געקאָסט אַ סך צייט דאָס לערנען זיך, ווען ער האָט ניט נור ניט פערדיענט, נאָר האָט נאָך געמוזט צוצאָהלען. דאָס איז טאַקע די אורזאַך פאַר וואָס אַ דאָקטאָר נעהמט פאַר אַ וויזיט אונגעפעהר אַזוי פיעל וויפיעל אַ פּראָסטער אַרבייטער פערדיענט אין אַ גאַנצען טאָג. איידער דער דאָקטאָר בעקומט די מעגליכקייט צו בעזוכען די קראַנקע, מוז ער פערברויכען 14-15 יאָהר אויף דער לעהר, ווען ער האָט ניט פערדיענט דערביי קיין פעני. ער מוז דעריבער זעהן, אַז נאָך דעם, ווען ער הויבט שוין אָן צו פּראַקטיצירען, זאָל ער פערדיענען אויך פאַר דער צייט פון זיין לעהר. אין יעדער שעה פון דעם דאָקטאָרס פּראַקטיקע ליגען איינינגע שעה צייט פון

דער לעהר און דעריבער איז 1 שעה קוואַליפיצירטע דאַקטאַרשע ארבייט גערעכענט, למשל, ווי 10 שעה פּראָסטע ארבייט.

---

די לעהרע פון מארקס איבער דעם ווערטה פון די סחורות ערקלעהרט זעהר פיעל ערשיינונגען אין אונזער לעבען.

ווי מיר האָבען געזעהן, איז מארקס שטענדיג מקפיד אויף די נ ע ז ע ל ש א פ ט ל י ך־נ ו י ט ה י ג ע ארבייט. דער ווערטה פון א זאך איז ניט די מאָס ארבייט, וואָס יעדער איינציגער פערוועגדעט אין דער ווירקליכקייט, נור די דורכשניט־ליכע מאָס ארבייט, וואָס ד א ר ף פערווענדעט ווערען ביי א דורכשניטליכען ארבייטער לויט דעם מיטעלען צושטאנד פון דער טעכניק.

ווי וועט זיין אין אזא פאַל: איינער ארבייט אויס א סחורה, לאָמיר זאָגען, א הוט. ער האָט אויף איהם אויסגעגעבען פונקט אזוי פיעל צייט און ענערגיע, וויפיעל עס דארף אויף איהם אויס־געגעבען ווערען. דער הוט איז אָבער ארוים פון דער מאָדע און קיינער טראָגט איהם ניט. וועט מען וואָס געבען פאר איהם? געוויס ניט. ווייל עס איז נאָך ווייניג צו נעהמען אין אנבעטראכט די בעדינגונגען פון פּראָדוקציע, נור מען בעדארף זיך אויך רעכענען מיט די בעדינגונגען פון געברויך, פון קאָנסום. עס איז נאָך ווייניג, וואָס א פּראָדוקט איז געשאַפען געוואָרען דורך געזעלשאַפטליכער ארבייט, די ארבייט מוז זיין נויטיג. פונקט אזוי ווי קיינער וועט גאָר נישט געבען פאר דער ארבייט פון גיסער וואסער אין א זיפּ, ווייל זי בריינגט קיינעם קיין נוצען ניט, אזוי וועט מען קיין זאך ניט געבען פאר דער ארבייט, וואָס ווערט פערטהאָן אויף א זאך, וועו קיינער נויטהיגט זיך ניט אין איהר.

נאָך א ביישפּיעל. א געוויסע געזעלשאַפט נויטיגט זיך אין 1000 פּאָר קליידער. דורך א טעות זיינען אויסגעארבייט געוואָרען מיט 100 פּאָר קליידער מעהר. אויפ'ן נעהען די קליי־דער איז פערוועגדעט געוואָרען די דורכשניטליכע מאָס ארבייט. וויפיעל וועט מען געבען פאר די קליידער? מען וועט דאָ גע־וויס געבען מיט 10 פּראָצענט ווייניגער, ווי דער אמת'ר ווערטה איז, ווייל עס זיינען דאָ אויפ'ן מארק מיט 10 פּראָצענט מעהר סחורה, וויפיעל עס איז נויטיג און עס קומט פאָר א קאָנקורענץ. דער אָנגעבאָט איז מיט 10 פּראָצענט מעהר, וויפיעל עס דארף זיין און במילא וועט מען געבען ווייניגער מיט 10 פּראָצענט.

דאָס איז בעסטער בעוויז, אז פאקטיש רעכענט מען זיך ניט נור מיט דער דורכשניטליכער ארבייט־צייט, נור אויך מיט די בעדערפניסען. אן ארבייט קען זיין מעהר אָדער וועניגער געזעל־שאפטליך ניצליך — דאָס ווענדט זיך אָן דעם, ווי הויך און גרויס די בעדערפניסען אין דער ארבייט זיינען. די געזעלשאפטליך־נוצליכע ארבייט פון א סחורה ווערט ניט בעשטימט בלויז אין דער פּראָדוקציע, נאָר אויך אויף'ן מארק. מען קען ביי א זאך אויסלאָזען דורכשניטליכע ארבייט־ענערגיע, וואָס עס פאָדערט זיך לויט דעם צושטאנד פון דער פּראָדוקציע, און דאָך וועט מען אויף'ן מארק געבען פאר איהר וועניגער, ווייל עס קען זיך ארויס־ווייזען — ווי עס קומט אָפט פאָר אין דער ווירקליכקייט — אז אויף דער גאנצער סומע סחורות פון דיזען סאָרט האָט מען אויסגעגעבען מעהר ארבייט, וויפיעל עס איז נויטיג פאר דער געזעלשאפט. ווען די געזעלשאפט האָט נויטיג בלויז 1000 פּאָר קליידער, און אויב לויט דעם צושטאנד פון דער טעכניק דארף יעדע פּאָר קליידער קאָסטען 10 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט, דאן איז די געזעלשאפטליכע מאָס ארבייט פאר דער בעדערפניס פון אלע קליידער 10,000 שעה. אָט די מאָס ארבייט איז די איינציגע געזעל־שאפטליך־נוצליך. ווען מען נייהט שפּעטער אויף 1100 פּאָר קליידער, אויף וועלכע עס ווערט אויסגעגעבען 11,000 שעה אר־בייט, טאקי אין איינקלאנג מיט די פאָדערונגען פון דער פּראָדוק־ציע — וועט מען אויף'ן מארק פאר די גאנצע 1100 פּאָר קליי־דער געבען בלויז 10,000 שעה ארבייט און ניט 11,000 וויפיעל עס איז אין זיי ארייננעטהאָן געוואָרען. דער ווערטה פון יעדער סחורה אן און פיר זיך ווערט טאקי בעשטימט לויט די בעדינ־גונגען פון דער פּראָדוקציע, אָבער דער ווערטה פון יעדער סחורה אלס א טייל פון דער גאנצער סומע סחורות, וואָס זיינען פּראָ־דוצירט געוואָרען, ווערט בעשטימט אויף'ן מארק. **דער מארק־ווערטה פון יעדער סחורה וועט זיין איהר פּרייז.**

דעם גאנצען פּראָצעס קענען מיר זיך אומגעפעהר אזוי פאָר־שטעלען: די געזעלשאפט נויטיגט זיך אין א געוויסער זאך, לאָ־מיר זאָגען, אין 1000 פּאָר קליידער. עס ווערט דאן אויסגע־רעכענט (אין דער טעאָריע געוועהנליך) לויט די בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציע די מאָס געזעלשאפטליך נוצליכע ארבייט, וואָס עס איז נויטיג פאר די 1000 פּאָר קליידער. אויב די געזעלשאפט־

ליך־נוצליכע ארבייט פאר איין פּאָר קליידער לויט דעם צושטאנד פון דער טעכניק און דער גאנצער פּראָדוקציע דארף קאָסטען 10 שעה, טאָ אסיגנירט די געזעלשאפט (ווידער אין דער טעאָריע) פאר די 1000 פּאָר קליידער 10,000 שעה געזעלשאפטליכע אר־בייט. אָט די סומע געזעלשאפטליכע ארבייט איז ערלויבט אויסצו־געבען, ניט מעהר און ניט ווייניגער. ווערען פּראָדוצירט פּונקט 1000 קליידער, וועט מען אויפ׳ן מארק געבען פאר יעדע פּאָר קליידער 10 שעה און דאן וועט דער מארק־ווערטה זיין גלייך צו דעם פּראָדוקציאָנס־ווערטה. ווערען פּראָדוצירט 1100 פּאָר קליידער, וועט דער מארק־ווערטה פון יעדער פּאָר פאלען אומגע־פעהר אויף 10 פּראָצענט. ווייל אויפ׳ן מארק וועט מען פאר אלע 1100 קליידער געבען ניט מעהר ווי פאר 10,000 שעה אר־בייט — וויפיעל עס איז אסיגנירט געוואָרען. ווערען פּראָדוצירט 900 פּאָר קליידער, וועט דער מארק־ווערטה פון יעדער פּאָר קליי־דער זיין מיט 10 פּראָצענט טייערער ווי דער פּראָדוקציאָנס־ווערטה, ווייל אויפ׳ן מארק וועט געגעבען ווערען דיזעלבע 10,000 שעה ארבייט, וויפיעל עס איז אסיגנירט געוואָרען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מען קריגט פאר זיי ניט מעהר, ווי 900 פּאָר קליידער.

לאָמיר זיך דעם זעלבינגען פּראָצעס פאָרשטעלען ניט אויף איין בעדערפניס נאָר אויף די פערשיידענע סאָרטען בעדערפני־סען. די געזעלשאפט האָט, צ. ב., א געוויסע מאָס ארבייט־קראפט אין איהר רשות, לאָמיר זאָגען, 1,000,000 שעה; פון דער צווייטער זייט האָט זי פערשיידענע בעדערפניסען: אין שוכ־ווארג, קליידונג, דירות, הייצונג, בילדונג, לוקסוס זאכען און שעה־נע בילדער. אויף יעדער קאטעגאָריע בעדערפניסען ווערט אסיג־נירט א געוויסע מאָס ארבייט אין הסכם מיט דעם צושטאנד פון דער פּראָדוקציע. די געזעלשאפט האָט נויטיג 1,000 פּאָר שטיוועל. אויף יעדער איינציגער פּאָר שטיוועל דארף אוועק דורכשניטליך 60 שעה ארבייטקראפט. עס ווערט דעריבער פון דער סומע ארבייט־קראפט, וואָס איז פאראן ביי דער געזעל־שאפט, אסיגנירט פאר שוכווארג 60,000 שעה ארבייט. ביי אונז איז דאָך אָבער די פּראָדוקציע ניט אָרגאניזירט. איין פאבריקאנט וויים דאָך ניט פון צווייטען און אנשטאט 1,000 פּאָר שטיוועל האָט מען פּראָדוצירט 1,200 פּאָר. אויף יעדע פּאָר שטיוועל איז פערבראכט געוואָרען, לויט די בעדינגונגען פון דער־פּראָדוקציע, ניט מעהר ווי 60 שעה. די גאנצע געזעלשאפט

קען אָבער במציאות אויף אַלע שטיוועל ניט מעהר אויסגעגעבען ווי 60,000 שעה און דעריבער ווערען די שטיוועל פערקויפט אונ־טער זייער ווערטה. מען צוטיילט די 60,000 שעה ארבייט, וואָס די געזעלשאַפט האָט אסיגנירט פאר שוכווארג, אויף 1200 (ווי־פיעל פּאָר שטיוועל עס איז פּראָדוצירט געוואָרען). אויף יעדע פּאָר שטיוועל וועט אויסקומען צו 50 שעה און *אַזוי פיעל וועט זיין דער פּרייז*, הגם דער ווערטה פון יעדער פּאָר איז 60 שעה ארבייט. עס קען אויך פּאַסירען, אַז אנשטאַט 1,000 פּאָר האָט מען פּראָדוצירט נאָר 800. עס ווערט א יקרות. דער פּרייז פון יעדער פּאָר שטיוועל וועט זיין (60,000:800=75) 75 שעה, דאָס הייסט העכער פון ווערטה אויף 15 שעה. מיר זאָגען דעריבער, אַז *דער פּרייז ווערט ערשט בעשטימט אויפ׳ן מארק לויט דעם אָנגעבאָט און דער נאכפראַגע*, ווייל ערשט אויפ׳ן מארק ווייס מען, אויב עס איז פּראָדוצירט געוואָרען די נויטיגע קוואנטיטעט פּראָדוקטען אָדער וועניגער אָדער מעהרער. דער ווערטה (דער פּראָדוקציאָנס ווערטה) אָבער ווערט בעשטימט פריהער לויט די פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען און האָט מיט דעם אָנגעבאָט און נאָכפראַגע ניט צו טהאָן.

נו, לאָמיר ווייטער אָננעהמען, אַז אויף קינסטלערישע ביל־דער אסיגנירט די געזעלשאַפט 25,000 שעה ארבייט. דיזע צאָהל שעה ארבייט ווערט שפּעטער צוטיילט אויף די פּראָדוצירטע צאָהל בילדער. אויב אויפ׳ן מארק זיינען נאָר פאראן 5 בילדער, וועט זיין דער פּרייז (דער מארק־ווערטה פון יעדען בילד (25,000:5=5000) 5,000 שעה, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דעם קינסטלער האָט געקאָסט יעדעס בילד א סך א קלענערע קוואנטיטעט ארבייט.

דער פאָרצוג פון דיזער טעאָריע בעשטעהט דערין, וואָס דורך איהר איז מעגליך צו ערקלעהרען אַלע ערשיינונגען אין האנדעל, אפילו דעם פּרייז, דורך איין פּרינציפּ — דורך דער גע־זעלשאַפטליך־נוצליכער ארבייט. אויך דער פּרייז ווערט, לויט דיזער טעאָריע, בעשטימט דורך דער געזעלשאַפטליך־נוצליכער ארבייט, *אָבער ניט דורך דער געזעל־שאַפטליכער מאָס ארבייט, וואָס יע־דער פּראָדוקט דאַרף קאָסטען לויט די פּראָדוקציאָנס בעדינגונגען, נאָר דורך דער געזעלשאַפטליכער מאָס*

אַרבייט, וואָס די געזעלשאַפט אַסיגנירט פאַר אַלע פּראָדוקטען פון דיזען מין, צוטיילט אויף די צאָהל פּראָדוקטען, וויפיעל עס איז פאַקטיש פּראָדוצירט געוואָרען. לויט דעם קומט אויס, אַז דער פּרייז פון זעלטענהייטען, פון מאָנאָפּאָל זאַכען און פון אַלע אַנדערע סחורות, וועלכע שטעהען אויסער דער קאָנקורענץ, קען אויך ניט ווערען ווילקירליך געהעכערט. ער קען ניט ארויסגעהן פון געוויסע גרענעצען, וועלכע די געזעלשאַפט האָט געשטעלט מיט איהר אַסיגנירען די מאָס אַרבייט פאַר דעם מין פּראָדוקטען, איבער וועלכען עס האַנדעלט זיך דאָ. די מאָנאָפּאָל זאַכען, ווי די זאַכען, וועלכע זיינען אַ יקר המציאות, זיינען לויט דער דאָזיגער טעאָריע אויך אונטערוואָרפען אונטער געוויסע אָביעקטיווע געזעצען, און ניט אונטער דעם קאַפּריז פון דעם קויפער אָדער פערקויפער, ווי עס קומט אויס לויט ריקאַרדאָ'ס טעאָריע. אין אונזער פאַל צ. ב. קען דער קינסטלער ניט קריגען פאַר זיין בילד מעהר ווי 5,000 שעה אַרבייט — ניט מעהר, וויפיעל עס איז לכתחילה אַסיגנירט געוואָרען.



10טע לעקציע

# געלד

די אורזאַכען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען געלד אין דער געשיכטע; די ענטשטעהונג פון האַנדעל; די בעדינגונגען פאַר דעם אַלטען האנדעל; די פאָרמען פון טויש אין די אַלטע צייטען; דער אונטערשייד צווישען די פערשיידענע פאָרמען; דאָס ערשטע געלד אין דער געשיכטע; פערשיידענע זאַכען האָבען געדיענט אַלס געלד; ווי אַזוי מעטאַלען האָבען אָנגעפאַנגען צו דיענען אַלס געלד; די מעלות פון מעטאַלען קעגען אַנדערע זאַכען; מטבעות; די ראָליע פון געלד.

---

מיר ווייסען שוין, אז דער פרייז פון די סחורות איז די צאָהל פּראָדוקטען, וואָס מען גיט פאַר זיי. אין היינטיגע צייטען, ווי אונז איז אַלעמען בעוואוסט, צאָהלט מען פאַר א געוויסער סחורה ניט מיט אַנדערע פּראָדוקטען, נאָר מיט געלד. דער פּרייז פון די סחורות איז אין היינטיגע צייטען די סומע געלד, וואָס מען גיט פאַר זיי.

וואָס איז אַזוינס געלד? ווי אַזוי האָט עס זיך ענטוויקעלט? איז אַלע מאָל געווען געלד אָדער עס איז א שפּעטערדיגע ערשיינונג אין אונזער לעבען?

אין אונזערע פאַריגע קאַפּיטלען האָבען מיר גאַנץ וועניג גערעדט וועגען געלד. די ביישפּיעלען, וועלכע מיר האָבען אויסגעקליבען, זיינען מייסטענס געווען אַזוינע, וואו די פּראָדוקטען ווערען אויסגעביטען דירעקט איינער פאַר דעם אַנדערן. דאָס האָבען מיר געטהאָן מיט א כיון, ווייל פאַקטיש זיינען געווען צייטען, ווען קיין געלד איז איבערהויפּט ניט געווען און שפּעטער, ווען מען האָט זיך שוין יאָ אָנגעפאַנגען צו בעדיענען מיט געלד, איז עס אויך געווען אין אַן אַנדער פאָרם, ווי מען טהוט דאָס איצט.

געלד איז א רעזולטאַט פון דעם ענטוויקעלטען האַנדעל. וואָס מעהר דער האַנדעל איז געוואַקסען אַלץ מעהר איז געוואַקסען די נויטווענדיגקייט אין געלד און ווען די נשמה פון היינטיגען לעבען איז געלד, טאָ איז עס אויך דערפאַר, ווייל מיר לעבען אין א האַנדעלס געזעלשאַפט, וואו דאָס רוב פּראָדוקטען ווערען געשאַפען ניט פאַר'ן אייגענעם געברויך, נור פאַר'ן מאַרק.

אין די אַלטע צייטען, ווען דעם מענשען׳ס ארבייט איז גע־ווען אזוי אונפּרוקטבאַר, אַז ער פלעגט מיט זיין ארבייט קוים קענען צופרידענשטעלען זיינע טעגליכע בעדערפניסען, איז ניט געווען וואָס צו פערקויפען. עס איז ניט געווען קיין האַנדעל און אויך ניט קיין געלד. אפילו אביסעל שפּעטער, ווען די ארבייט פלעגט געבען מעהר פּראָדוקטען, וויפיעל דער מענש פלעגט פאַר־צעהרען, איז נאָך אַלץ ניט געווען קיין מסחר, ווייל די פערשיי־דענע שבטים פלעגען זיך ארו מרייסען, זיך אמפּערן און פון די פּראָדוקטען, וואָס די ארבייט האָט בעשאַפען מעהר וויפיעל עס איז נויטיג געווען פאר דער טעגליכער חיונה, פלעגט גאָר נישט ווערען. ווי מיר האָבען שוין ניט איינמאָל געזאָגט, איז דער פּרי־מיטיווער מענש געווען זעהר אַ קליינער בעל תכלית. ער פלעגט זיך וועניג־וואָס קימערן פאר׳ן מאָרגעדיגען טאָג.

עס איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען די נויט האָט געצוואונגען די שבטים ניט צו האַלטען מלחמה צווישען זיך, נאָר צו פיהרען בשותפות דעם קאַמפּף מיט דער נאַטור; די מלחמות זיינען פער־ביטען געוואָרען אויף פריינדליכע אונטערנעהמונגען און פריינד־ליכע אָבמאַכען. די שבטים פלעגען דעמאָלט שוין ניט פערניכ־טען די איבעריגע פּראָדוקטען, נאָר זיי פלעגען עס אָבלאָזען די אַנדערע שבטים, מיט וועלכע זיי האָבען געלעבט אין פרידען.

עס פערשטעהט זיך, אַז די שבטים, וועמען מען פלעגט איבער־געבען די „פּאַראיבעריגטע“ פּראָדוקטען,, זיינען ניט געווען כפויי טובה און פלעגען פאר די מתנות אָבגעבען יענע סאָרטען פּראָ־דוקטען, וועלכע זיי אַליין האָבען פאר זיך ניט פערנוצט און אין וועלכע די אַנדערע שבטים האָבען זיך גענויטיגט.

**פון אזעלכע ביידענזייטיגע טובות האָט זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט אַ שטענדיגער טויש.** די שבטים פלעגען צווישען זיך טוישען, אויסבייטען איין סאָרט פּראָדוקטען אויף׳ן צוויי־טען. פון דיזען טויש האָט זיך אין פערלויף פון דער געשיכטע ענטוויקעלט דער ריכטיגער האַנדעל.

אין אָנהויב פון זיין ענטוויקלונג איז נאָך דער טויש ניט געווען אַן אָפּטע ערשיינונג. ער איז נור געווען אַ צופאַל, אַ מקרה זאַך. דער טויש האָט געפאָדערט פאָלגענדע בעדינגונגען: 1) האָט יעדער שבט געמוזט בעשאַפען מעהר פּראָדוק־טען, וויפיעל איהם איז נויטיג געווען; 2) האָבען די אי־

בערגעבליבענע פּראָדוקטען פון יעדען שבט געמוזט זיין פון פער־שיידענע, ניט גלייכע סאָרטען: קיינער וואָלט דאָך ניט אויסגע־ביטען ווייץ אויף ווייץ אָדער אַ האַק אויף אַ האַק א. אז. וו.

פאַרקומענדיג זעהר זעלטען האָט דער טויש זיך ניט גענוי־טיגט אין אַ פערמיטלער. די פּראָדוקטען פלעגען אויסגעביטען ווערען גאַנץ פּשוט, איינער אויפ׳ן אַנדערען. האָט איין שבט געהאַט אַן איבעריגע בהמה און דער צווייטער אַן איבעריגע האַק, האָבען זיי, די שבטים, צווישען זיך אויסגעביטען די בהמה אויף דער האַק. די פּראָדוקטען פלעגען ביי זייערע נייע בעלי בתים גלייך געהן אין געברויך. דער דענסטמאָלדיגער טויש האָט גע־האַט די דאָזיגע פאָרם:

(1 1 בהמה איז גלייך צו אַ האַק.

אין אַזאַ פאָרם ווערט דער ווערטה פון דער בהמה אויסגע־דריקט אין דער האַק, און דער ווערטה פון האַק אין דער בהמה. מיר קענען אַנדערש ניט וויסען דעם ווערטה פון דער בהמה, סיי־דען אינ׳ם פערגלייך מיט אַנאַנדער פּראָדוקט — מיט דער האַק. דאָס גלייכען פערקעהרט: ווען מיר זאָלען די בהמה ניט אַקעגען שטעלעןביים טויש אַקעגען דער האַק, וועלען מיר בשום ענין ואופן ניט וויסען איהר ווערטה, אַזוי גוט, ווי מיר קענען ניט וויסען דעם כח פון אַ מענש, ביז ער ראַנגעלט זיך ניט מיט אַ צווייטען.

די פערגלייכונג פון דער בהמה צו דער האַק איז אָבער אַ מקרה זאַך, עס קען דאָך זעהר טרעפען, אַז יענער שבט האָט פער־איבעריגט ניט אַ האַק, נאָר אַן אַנדער פּראָדוקט, למשל, פיילען. דענסטמאָל וועט טאַקע דער ווערטה פון דער בהמה שוין ווערען אויסגעדריקט אין די פיילען און אַזוי גוט, ווי איין שבט ווייסט דאָך ניט אויב דער צווייטער שבט וועט איבערהויפט האָבען וואָס עס איז ניט פאַר אַ איבעריגען פּראָדוקט אויסצובייטען, האָבען מיר טאַקע ניט געהאַט דעריבער קיין רעכטען בעגריף פון דעם פּראָדוקטס ווערטה. מיר פלעגען דאָס נאָר קריגען צו וויסען דורך אַ צופאַל, ווען עס האָט זיך געטראָפען אַ נס, וואו ביידע שבטים, יועלכע האָבען זיך בעגעגענט, האָבען געהאַט איבעריגע פּראָדוק־טען, און דוקא ניט גלייכע פּראָדוקטען, און האָבען דערצו מסכים געווען אויסצובייטען איין פּראָדוקט אויפ׳ן צווייטען.

ווען די פערבינדונג צווישען די וואַנדער שבטים האָט זיך געשטאַרקט, ווען איין שבט האָט זיך אָבגעלערנט פון אַנדערען, ווי בעסער צו עקספּלואַטירען די מתנות פון דער נאַטור און די ארבייט פונ׳ם מענש איז געוואָרען פרוכטבארער — דענסטמאָל האָט שוין

יעדער שבט בעזונדער לכתחילה אויסגעארבייט א פּראָדוקט צום טויש. און ווען דער שבט, וועלכער האָט געהאַט אַן איבעריגע בהמה, למשל, האָט זיך געטראָפען מיט אַנדערע שבטים, האָבען די לעצטע שוין פאַרגעלעגט אונזער שבט זייערע פּראָדוקטען, וועלכע זיי האָבען איבערגעלאָזען פאַר'ן טויש. איין שבט וויל געבען פאַר דער בהמה א שווערד; דער צווייטער — א האַק; דער דריטער — אַן אכטעל ווייץ; דער פיערטער — א פּאָר ליימענע טעפּ א. א. וו. א. א. וו. אונזער שבט האָט שוין דאָ די מעגליכקייט אויסצוקלייבען פון די אַלע פּראָדוקטען, וועלכע מען שלאָגט איהם פאַר, דעם יעניגען פּראָדוקט, וועלכער עס געפעהלט איהם בעסער.

אזא טויש קען אויסגעדריקט ווערען אזוי:

2) 1 בהמה איז גלייך צו:
א שווערד
א האַק.
איין אכטעל ווייץ.
צוויי ליימענע טעפּ.

אין דער דאָזיגער פאָרם איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין פערמיטלער אינ'ם טויש. איין פּראָדוקט ווערט דאָ דירעקט אויסגעביטען אויפ'ן צווייטען פּראָדוקט. דעם ווערטה פון דער בהמה בכלל קענען מיר נאָך אַלץ ניט וויסען, ניט פערגלייכענדיג מיט די אַלע אַנדערע פּראָדוקטען, וועלכע דאַרפען תיכף ומיד פערגוצט ווערען. איהר ווערטה דריקט זיך אויס ניט אין איין בעשטימטער סחורה, נור אין א סך פערשיעדענע סחורות: אין א האַק, אין א שווערד, אין אַן אכטעל ווייץ א. ז. וו. אָט די אַלע סחורות שפּיגלען אין זיך אָב ביי דער פערגלייכונג נאָר דעם ווערטה פון איין סחורה. ווען עס זאָל קומען א שבט מיט א נייער סחורה, למשל, מיט פעלען און ער וועט מסכים זיין אויסצובייטען די פעלען אויף דער בהמה — וועט דענסטמאָל זיין דער „אויסדריקער" פון דער בהמה'ס ווערטה — די נייע סחורה, די פעלען. און אזוי קען זיין אָהן א סוף. קיין בעשטימטער, אָבגעשטעמפּעלטער „אויסדריקער" פון דער סחורה'ס ווערטה, וועלכע איז בעשטימט צום טויש, איז ניטאָ.

די נפקא מינה צווישען דער פריהערדיגער פאָרם פון דעם טויש און דער איצטיגער פאָרם בעשטעהט אין דעם, וואָס אין דעם ערשטען פאַל האָט די בהמה נאָר געפונען איין צופעליגען אויסדרוק פון איהר ווערטה, אין צווייטען פאַל — א סך צופעליגע אויסדריקער, ווייל יעדע סחורה בעזונדער דריקט אויס דעם ווערטה פון דער בהמה.

יעדענפאַלס קענען מיר שוין זעהן אַפילו אין דער מדרגה פונ'ם טויש, וועלכע מיר בעהאַנדלען איצט, אַ קערן פון געלד. ווען מיר זאָגען, אַז אַ בהמה קען אויסגעביטען ווערען אויף אַ שווערד, אויף אַ האַק, אויף איין אַכטעל ווייץ א. ז. וו. איז דאָך דערפון געדרונגען פערקעהרט אויך — די אַלע פּראָדוקטען: דער שווערד, די האַק, דאָס אַכטעל ווייץ, די פּאָר ליימענע טעפּ — זיי אַלע קענען אויסגעביטען ווערען אויף  א י י ן  פּראָדוקט, אויף דער בהמה און דער דאָזיגער טויש וועט בעקומען אַזאַ מין פאָרם:

3) 1 שווערד
1 האַק
1 אַכטעל ווייץ.
2 ליימענע טעפּ —
זיינען גלייך צו 1 בהמה.

דאָ זעהען מיר, אַז די אַלע פערשיידענע פּראָדוקטען פער־קערפּערען זייער ווערטה אין  א י י ן  פּראָדוקט, אין דער בהמה, און ממילא וועט זיין די בהמה דער „אַלגעמיינער אויסדריקער" פון אַלע אויבענאָנגערופענע סחורות־ווערטהען. ווען איין פּראָ־דוקט שפּיגעלט אין זיך אָב דעם ווערטה פון אַ סך פּראָדוקטען — דאַן בעקומט שוין דער ווערטה פון יעדען פּראָדוקט אַ געוויסע צורה.

אין פאָרם איינס, ווען דער טויש איז נאָך פאָרגעקומען זעהר זעלטען און אַפילו אין פאָרם צוויי, האָבען מיר נאָר געקענט ווי־סען דעם ווערטה פון יעדען פּראָדוקט דוקא אין דעם פערגלייך מיט דעם  א י י נ צ י ג ע ן  פּראָדוקט, אויף וועלכען ער ווערט גלייך פערטוישט. דעם ווערטה פון דער בהמה האָב איך נאָר גע־קענט וויסען, ווען איך האָב אַקעגען געשטעלט די האַק, אויף וועל־כער די בהמה איז געוואָרען פערטוישט. קוים אָבער האָט זיך גראַד ניט געמאַכט ביי אַ צווייטער גרופּע אַן איבריגע האַק אָדער אַן אַנדער פּראָדוקט, אָדער ווען די גרופּע האָט בכלל ניט נויטיג געהאַט צום געברויך אַ בהמה, האָבען מיר דענסטמאָל אויך ניט געקאָנט וויסען דעם ווערטה פון דער בהמה, ווייל איין פּראָדוקט שפּיגעלט אין זיך אָב דעם ווערטה אויך מעהר ניט ווי פון  א י י ן  פּראָדוקט. אין פאָרם דריי איז אָבער גאַנץ אַנדערש. דאָ דריקען אויס זייערע ווערטהען אַ סך פּראָדוקטען אין  א י י ן  פּראָדוקט — אין דער בהמה, און ממילא ווערט  א י י ן  סחורה, די בהמה, דער אַלגעמיינער אויסדריקער פון אַ סך סחורות.

מיר מוזען בעמערקען, אַז דאָס איבערשטעלען פאָרם 2: —

איין בהמה איז גלייך צו:
1 האַק
1 שווערד
1 אַכטעל ווייץ.
2 ליימענע טעפּ.

אויף פאָרם 3: —
1 האַק
1 שווערד
1 אַכטעל ווייץ.
2 ליימענע טעפּ —
זיינען גלייך צו 1 בהמה.

איז ניט נאָר אַ מאַטעמאַטישער איינפאַל, נאָר דאָס לעבען גופא האָט עס אַרויסגערופען. און פאַקטיש איז טאַקע די בהמה גע־וואָרען ניט בלויז דער אויסדרוק פון די ווערטהען, נאָר אויך דער פערמיטלער ביים טויש.

אַ שבט, למשל, האָט אויסגעאַרבייט מעהר שווערדען וויפיעל איהם איז נויטיג געווען צום אייגענעם געברויך, און ער וויל די „איבריגע" שווערדען אויסבייטען אויף פיילען, וועלכע זיינען איהם נויטיג בכדי צו טויטען די ווילדע חיות. ער טרעפט זיך מיט נאָך אַ שבט, וועלכער נויטיגט זיך טאַקע אין שווערדען. אָבער דער דאָזיגער שבט האָט ניט קיין פיילען צו געבען אַקעגען. ווי טהוט מען דאָ? דער שבט, וועמען עס ווילט זיך זעהר בעקומען די שווערדען, הויבט אָן פאָרצולעגען פאַר די שווערדען אַנדערע פּראָ־דוקטען: תבואות פערשיידענע פּירות, טעפּ א. ז. וו. אָט די סחורות זיינען אָבער ניט נויטיג דעם ערשטען שבט. סוף כל סוף זיינען זיי געקומען צו אַ הסכמה: פאַר די שווערדען גיט דער צווייטער שבט אַ בהמה. די בהמה איז אפילו בעת דעם טויש ניט נויטיג דעם שבט ,וועלכער האָט צו פערקויפען די שווערדען, נאָר ער קלעהרט זיך אַזוי: „פון אַלע סחורות, וועלכע מען לעגט מיר פאָר, איז די בעסטע אַ בהמה, ווייל אַ בהמה ווערט ניט אַזוי גיך פערדאָרבען, מען קען דאָס האַלטען לאַנג און אגב איז טאַקע אַ בהמה אַ מעהר גאַנגבאַרער אַרטיקעל, ווי די איבריגע סחורות, וועל־כער מען לעגט מיר פאָר. ווען איך וועל טרעפען אַ שבט, וועל־כער האָט צו פערקויפען פיילען, וועלכע זיינען אונז נויטיג, וועט ער אויך צוליעב דער אייגענער רעכנונג, נעהמען בעסער אַ בהמה איידער אַנדערע פּראָדוקטען". אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז אויס־געאַרבייט אַ מנהג אויסצובייטען דעם פאַראיבריגטען פּראָדוקט ניט אויף אַ פּראָדוקט, וועלכע מען האָט נויטיג אונ־

מ י ט ע ל ב א ר צ ו ם א י י ג ע נ ע ם ג ע ב ר ו י ך, נאָר אויף אזא פּראָדוקט, פאַר וועלכעןמען ק ע ן ב ע ק ו מ ע ן א ל ע אנדערע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען נויטיג, ד. ה., מען איז שוין אָנגעקומען צו א פ ע ר מ י ט ל ע ר. אין אונזער משל איז די בהמה דער פערמיטלער צווישען אנדערע צוויי סחורות: צווישען די שווערדען און פיילען. די בהמה ווערט דאָ דער א ו י ס ד ר י ק ע ר פון ווערטהע און דער פערמיטלער ביים טויש.

אַט אזוי האָט זיך ענטוויקעלט פון פאָרם 2 די פאָרם 3.

ד י ס ח ו ר ה, ו ו ע ל כ ע ה אָ ט א י ן ז י ך א ו י ס ג ע ד ר י ק ט ד י ו ו ע ר ט ה ע ן פ ו ן א ל ע א נ ד ע ר ע ס ח ו ר ו ת, א ו ן א י ז ג ע ו ו אָ ר ע ן ד ע ר פ ע ר מ י ט ל ע ר פ ו ן ד ע ם ט ו י ש, א י ז ג ע ו ו ע ן ד אָ ס ע ר ש ט ע ג ע ל ד א י ן א ו נ ז ע ר ג ע ש י כ ט ע.

ווי מיר זעהען, האָבען אין די ערשטע צייטען געדיענט אלס געלד ניט דוקא מעטאַלען, נאָר אויך אנדערע פּראָדוקטען, איבער־הויפּט אזוינע פּראָדוקטען, אין וועלכע אלע האָבען זיך גענויטיגט. אין פערשיידענע צייטען האָבען אלס געלד געדיענט אויף פערשיי־דענע סחורות, דאָס האָט זיך געווענדט אָן די פאָרמען פונ'ם לע־בען און פון די בעדינגונגען אין יענער צייט. ביי די שבטים, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט געיעג, האָבען פעלען געדיענט אלס געלד; ביי די פּאַסטוכער־שבטים, האָבען געדיענט אלס געלד פערשיידענע סאָרטען בהמות; ביי די אַקער־בויער — שקלאַפען און לאַנדווירטשאַפטליכע געצייג; ביי די שבטים, וועלכע האָבען געפיהרט מלחמות — כלי־זיין א. ז .וו. מעטאַלען האָבען אָנגעַ־פאַנגען צו דיענען אלס געלד ערשט שפּעטער, ווען די מענשהייט האָט שוין דערגרייכט א געוויסע מדרגה אין דער ענטוויקלונג. די אורזאַך, פאַר וואָס די אלע אויבענדערמאָהנטע געלד זיינען אומע־טום פערביטען געוואָרען אויף מעטאַלען, ליגט אין דער טבע פון די מעטאַלען גופא. מעטאַלען זיינען געווען א סחורה, וועלכע אלע האָבען דאָס גערן גענומען, ווייל פון מעטאַלען פלעגען די ווילדע שבטים מאַכען פערשיידענע כלי־זיין, געצייג און ציערונג, אויף וואָס די מענשען זיינען אין אלע צייטען געווען גרויסע בעלנים; צווייטענס, קענען מעטאַלען בעסער ערפילען די ראָלע פון געלד ווי איבריגע סחורות. כל זמן די איבריגע סחורות: בהמות, פעלען און ז. וו., האָבען געדיענט אלס געלד, האָט געקענט ווערען א מסחר

נאָר דענסטמאָל, ווען דער פערקויפער האָט געהאַט אַזאַ סחורה, וואָס איז ווערטה געווען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די פעל אָדער די בהמה. ווען דעם פערקויפערס פּראָדוקט איז ווערטה געווען ווייניגער ווי די פעל אָדער די בהמה האָט שוין דער מסחר ניט געקענט אויסגעפיהרט ווערען, ווייל אַ פעל צושניידען אויף שטיקער האָט ניט געלוינט: די פעל וואָלט דענסטמאָל פערלי־רען אין גאַנצען איהר ווערטה; דאָס גלייכען ביי בהמות. ביי מעטאַלען איז דער חסרון ניטאָ, ווייל מעטאַלען קענען צוטיילט ווערען אויף קליינע שטיקלעך, זייער ווערטה ווערען זיי ביים צו־טיילען ניט אָן; מעטאַלען ווערען אויך אַזוי גיך ניט פערדאָר־בען, ווי אַנדערע פּראָדוקטען — זיי קען מען האַלטען לאַנג. אוי־סער דעם פערנעהמען זיי ניט אַזאַ גרויסען אָרט ווי אַנדערע פּראָ־דוקטען.

**אַט צוליעב די אַלע מעלות, וועלכע געפינען זיך ביי די מעטאַלען, האָט זיך געשווינד אומעטום פערשפּרייט דער מנהג צו געברויכען זיי אַלס פערמיט־לער פון טויש, פון האַנדעל.**

דער פערמיטלער, ווי מיר זעהען, שפּיגעלט אין זיך אָב די ווערטהען פון אַלע סחורות אין דער וועלט, חוץ זיין אייגענעם ווערטה. ווען מיר ווילען וויסען דעם ווערטה פון דער בהמה, וועלכע דיענט אַלס פערמיטלער צווישען די סחורות, מוז איך זי פערגלייכען און אוועקשטעלען מיט אַנדערע סחורות, מיט אַ האַק, מיט אַ שווערד א. א. וו., זי אַליין קען איהר אייגע־נעם ווערטה ניט אויסדריקען, מען קען ניט זאָגען, למשל, איין שאָף איז גלייך צו איין שאָף — דאָס וואָלט געווען זעהר קאָמיש. און דעריבער איז טאַקע אַזאַ פערמיטלער נאָך אויך ניט געווען די העכסטע ענטוויקעלטע פאָרמע פון טויש. מען האָט געמוזט געפי־נען אַזאַ פערמיטלער, אין וועלכען ס'האָבען געקענט ווערען אויס־געדריקט די ווערטהען פון אַלע סחורות אין דער וועלט, אפילו פון זיך אַליין אויך, און דאָס האָט נאָר געקענט זיין געלד אין דער פאָרמע פון מטבעות.

**מטבעות זיינען געשטעמפּעלטע געלד.**

ווען דער האַנדעל איז שוין געוואָרען אַ בעשעפטיגונג, אָהן וועלכען מען האָט שוין ניט געקענט אויסקומען, ווען אין דעם האַנ־דעל האָבען שוין אָן אַנטהייל גענומען אַ סך מענשען פון דער גע־

זעלשאפט, האט יעדע מלוכה געמוזט זארגען, ווי צו פערלייכטערען די טעכנישע זייט פון איהם. זי האט געמוזט מאכען אזא געלד, וואס אלע זאלען גלייך וויסען די געוויכט און די גרויס זיינס. זי האט דעריבער אבגעשטעמפעלט אויף יעדען שטיק מעטאל, וועלכער איז בעשטימט געווארען אלס געלד, די געוויכט און די פראבע. יעדע מטבעה האט זיך אויסגעביטען לויט איהר פולען ווערטה. ניט וועניגער און ניט מעהרער (איצטיגע מטבעות און אסיגנאציעס טראגען אן אנדער כאראקטער). די חתימה אויף דעם מעטאל האט נאר געוויזען וויפיעל און ווי גרויס ס'איז זיין ווערט און איז געווען א מאס, מיט וועלכער מען פלעגט אויסמעסטען די ווערטהען פון די סחורות. ווען מען האט גע'חתמ'עט שטיקלעך מעטאלען, האבען זיי שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס סחורות, וועלכע קענען צופרידענשטעלען מענשליכע בעדערפניסען, נאר אלס אוסדריקער פון אלע ווערטהען, אפילו זייער אייגענעם ווערטה, זייער מעטאלען-ווערטה. זיי זיינען געווארען די מאס, מיט וועלכע אלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט האבען מסכים געווען אויסצומעסטען אלע זייערע סחורות, און דעריבער האבען זיי בעקומען א בעזונדערע בעדייטונג צווישען די איבריגע סחורות. אויסער דעם וואס זיי זיינען פראדוקטען, וועלכע קענען צופרידענשטעלען פערשיידענע בעדערפניסען, זיינען זיי אויך:

1) א פערמיטלער ביים האנדעל.

2) א סחורה, אין וועלכע אלע פראדוקטען דריקען אויס זייערע ווערטהען.

3) א בעשטעטיגטע מאס, מיט וועלכער מען קען אויסמעסטען דעם ווערטה פון אלע פראדוקטען.



# אינהאלט: